## פּראָגרעסיווע — 

**פאַראייניקטע אַרבעטער קאָאָפּעראַטיווע געז.**

2700 בראָנקס פּאַרק איסט, ניו יאָרק, נ. י.

---

1. בלויז מיטגלידער פון קאָאָפּעראַטיוו זיינען באַרעכטיגט צו קריגן ביכער פון ביבליאָטעק פריי. ניט־מיטגלידער דאַרפן איינצאָלן דריי דאָלאַר ($3.00) יערלאַך.

2. יעדער לעזער איז באַרעכטיגט צו נעמען איין בעלעטריס־טישן און איין וויסנשאַפטלאכן בוך צו דערזעלבער צייט.

3. ביכער קאָנען געהאַלטן ווערן ניט מער ווי צוויי וואָכן מיט דעם רעכט צו באַנייען א בוך אַף נאָך צוויי וואָכן, אויב מעגלאך. נייע ביכער קאָן מען ניט האַלטן מער ווי איין וואָך און מען קאן זיי אויך ניט באַנייען.

4. פאַר נייע בעלעטריסטישע ביכער ווערט גערעכנט 5 סענט א וואָך, וואָס מען דאַרף איינצאָלן אין פאָראויס.

5. פאַר ביכער, וואָס זיינען ניט אומגעקערט אין צייט, וועט מען דאַרפן צאָלן שטראַף איין סענט פאַר יעדן טאָג און 2 סענט אַ טאָג פאַר יעדן נייעם בוך.

6. אין פאַל א בוך ווערט פארלאָרן, אָדער ווען דער לעזער צערייסט אַ בוך, וועט ער דאַרפן באַצאָלן דעם פולן פּרייז פון בוך.

---

די ביבליאָטעק איז אָפן פאַר אויסלייען ביכער:

זונטיק — פון 2 ביז 6; מיטוואָך — פון 8 ביז 10:30



שבת — פון 3 ביז 7 אָוונט

מאַריא קאָנאָפּניצקא.

# נאוועלן

יידיש: יעקב רייזפעדער.




פארלאג
„אונזער בוך"
ווארשע 1922.

אָנגעהויבן האָט זיך עס פון אַלטן בעט, אויף וועלכן מיר זענען אַלע ד״יי געשלאָפן.

יענעם טאָג, איז דער טאַטע עפּעס בייז צוריקגעקומען פון טייך און אוועקזעצנדיק זיך אויף דער באַנק, האָט ער אָנגע-שפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער האַנט. די מאַמע האָט אים געפרעגט איינמאָל און נאָכאַמאָל, וואָס עס איז אים, נאָר ערשט נאָכן דריטן מאָל פרעגן האָט ער געענטפערט, אַז די אַרבעט אַרום די ריזל-שטיינדלעך האָט זיך געענדיקט, און אַז איצט וועט די קליאַטשקע בלויז זאַמד פירן. פעלעק האָט מיר גלייך אַ שטורך געטון אין דער זייט, און די מאַמע האָט שטיל געקרעכצט.

דער טאַטע האָט געזאָלט גיין פאַרנאַכט נאָכן דאָקטאָר, נאָר ער האָט זיך עפּעס נישט געאיילט. ער איז אַרומגעגאַנגען, האָט געקלערט, אַרומגעזיכט איבער די ווינקלען, פּלוצלינג איז ער שטיין געבליבן פאַר דער מאַמען און געזאָגט.

— וואָס עפּעס די יינגלעך אויפן בעט, אַנולקאַ ? איך שלאָף אויף דר'ערד, טאָ קאָנען זיי אויך.

מיר האָבן זיך איבערגעקוקט. צוויי גאָלדענע פונקן האָבן אויפגעלויכטן אין פעלעקס גרויע אויגן. אמת ! וואָס עפּעס מיר אויפן בעט ? מען דאַרף נאָר היטן פיאָטרושן, אַז ער זאָל נישט אַרויספאַלן.

—ווייטער ; געפאָרן דערמיט !—האָט פעלעק געשריגן און איידער די מאַמע האָט באַוויזן צו ענטפערן, האָבן מיר שוין אַלע דריי געהאַט אַראָפּגעשלעפּט דעם שעניק אויף דר'ערד, און פעלעק האָט גענומען מאַכן קאָזשעלקעס אויף אים.

נאָכן אַראָפּציען אָבער דעם שעניק, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אינם בעט פעלן צוויי ברעטער, און איין זייט צונעמט זיך אינגאַנצן. דער האַנדלאַזש, וועלכן דער טאַטע האָט מיך געהייסן אַריינרופן, האָט דערפאַר נישט געוואָלט אַפילו רעדן וועגן דעם בעט. ער האָט צוזאַמענגעשאַרט די אָפּגעציילטע קופערנע מטבעות אינם זעקעלע, האָט עס צוגעבונדן און פאַררוקט טיף הינטערן כאַלאַט. דער טאַטע האָט אים אָפּגעלאָזט אַ צענערל, דערנאָך אַ צוויי, דערנאָך אַ גאַנצן גילדן, נאָר דאָס ייִדל האָט זיך איינגעשפּאַרט. ערשט פון הויז האָט ער די באָרד אַריינגעשטעקט אין דר שטוב, אָנבאָטנ- דיק אַ האַלבן רובל אָן זיבן גראָשן. אויב דער טאַטע וועט אים אויך דאָס קישן פאַרקויפן.

דער טאַטע איז שטיין געבליבן, האָט אַ קוק געטון אויף דער מאַמען; אַרום און אַרום האָט געזאָלט זיין עלף גילדן.

—וואָס יינגלעך?—האָט ער ענדליך געפרעגט—איר וועט זיך באַגיין דערווייל אָן דעם קישן, ווי לאַנג די מאַמע איז קראַנק?

—אוי-אוי!—האָט פעלעק אויסגעשריגן מיט אַ פאַרשטיקט קול, ווייל ער איז אין דער מינוט געשטאַנען אויפן קאָפּ, און נישט ענדערנדיק די פּאָזיציע, האָט ער דאָס קישן אַ וואָרף געטון אויף דער שטוב אַרויס. האָט עס פּיאָטרוש אַ כאַפּ געטון און געוואָרפן עס אויף פעלעקן. פעלעק ווידער אויף מיר, ביז דער האַנדלאַזש האָט עס אונז אַרויסגעריסן פון די הענט, אַז מיר זאָלן עס נישט אַוועקרייסן.

—אָבער אָן די ציך—האָט זיך אָנגערופן מיט אַ שוואַך קול די מאַמע.

כיר האָבן גלייך אַרויסגעריסן דעם האַנדלאַזש דאָס קישן, וואָס ער האָט שוין געהאַלטן אונטערן אָרעם, און גענומען דערפון אַראָפּציען די ציך.

נאָכן אַראָפּציען אָבער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין איין עק איז דאָס קישן אויפגעטרענט, און אַז עס שיטן זיך דערפון פעדערן. האָט ווידער דער האַנדלאַזש די עלף גילדן, נישט געוואָלט געבן, נאָר צען וויניקער פופצן גראָשן.

מ'האָט זיך געדינגען אַהין, געדינגען אַהער, ער איז מושוה געוואָרן מיטן טאַטן אויף גאַנצע צוויי רובל, נאָר אַז ער זאָל אים

אַך צוגעבן אונזער קאָלדרע.

דער טאַטע האָט אַ קוק־געטון אויף דער מאַמען. זי איז געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט און בלייך, אַז זי האָט ווי אַ טויטע אויסגעזען, ליגנדיק אויפן נאַקן מיט טיף איינגעפאַלענע אויגן.

—אַנולקאַ?... —האָט דער טאַטע פרעגנדיק געשעפּטשעט.

נאָר דער מאמען האָט אָנגעכאַפּט אַ הוסט, און זי האָט נישט געקאָנט ענטפערן.

—די קאָלדרע דאָרט, טאַטע, ווילן מיר נישט!—האָט אַ געשריי געטון פעלעק—מיר מוזן זיך נאָר יעדע נאַכט שלאָגן צוליב דער דאָזיקער קאָלדרע. זאָל וויצעק זאָגן!...

—אמת, טאַטע—האָב איך מיט היץ באַשטעטיקט—יעדע נאַכט מוזן מיר זיך שלאָגן, ווייל זי גליטשט זיך אַרונטער...

דער האַנדלאַזש האָט שוין די קאָלדרע צוזאַמענגעלייגט און אַרונטערגענומען זי אונטערן אָרעם. מיר זענען אַרויסגעלאָפן נאָך אים מיט טריומף אויפן הויף אַרויס.

—איר ווייסט?—האָט אַ געשריי געטון פעלעק צו די יינגלעך, וואָס האָבן דאָרט געשפילט אין „קליפּע״,—אַ האַנדלאַזש האָט געקויפט אונזער בעט, די קאָלדרע און דאָס קושן! מיר וועלן איצט שלאָפן אויף דר׳ערד אויפן בלויזן שעניק!...

—אַ גרויסע מעשה!—האָט געענטפערט מיט אַ געשריי דער בלייכער יוזשעק פונם שניידער אין דער לינקער אָפיצינע—איך שלאָף שוין ביים מייסטער צוויי יאָר אויף דר׳ערד און אָן אַ שעניק אַפילו.

ער האָט אויף אונז אַן איינדרוק געמאַכט. הייסט עס, אַז אַזאַ שלאָפן איז שוין נישט געווען אונזער ערפינדונג.

דעמזעלבן טאָג איז ביי אונז געווען דער דאָקטאָר און איך בין אַזש צוויי מאָל געלאָפן אין אַפּטייק אַריין, ווייל דער מאַמען איז ווידער געווען ערגער; נאָר אַז סאיז געקומען דער אָוונט, האָבן מיר קוים געקאָנט די קאַרטאָפל אָפּעסן, אַזוי האָבן מיר זיך געאיילט אויפן שעניק. וואָס מיר האָבן אויסגעלייגט אין ווינקל הינטערן אויוון. פעלעק האָט מיטן ברויט נאָך אין דער האַנט אַנידער געקניט צום נאַכט־געבעט און כסדר קוקנדיק צום שעניק, האָט

ער אין דרײַ רגעס אַמאָל־אָפּ געטון „פּאָטער אונזער", זיך געקלאַפּט איבערן האַרץ.—אַזש די שטוב האָט געהילכט, און אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך בלויז די יופּע, האָט ער זיך גלייך אַוועקגעלייגט נעבן אויוון. וואָס אָן אמת, האָב איך אויך געהאַט בדעה, זיך צולייגן צום אויוון־צו; נאָר סהאָט זיך מיר נישט געוואָלט אָנהייבן מיט פּעלעקן, האָב איך אים אַ פּראַסק געטון איבערן אויער און האָב מיך געלייגט צו דער וואַנט־צו, און פּיאָטרושן האָבן מיר אַריינגענומען אינדערמיטן.

תחלת האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דער קאָפּ פליט מיר אַראָפּ פון קאַרק; ווייל איך בין געוועהן געוואוינט צום קישן, נאָר דערנאָך האָב איך זיך אונטערגעלייגט דעם עלנבויגן און—גוט.

— מיטוואָס־זשע וועל איך אייך, עופּהלעך, צודעקן?— האָט געזאָגט דער טאַטע, קוקנדיק, ווי מיר האָבן זיך געטוליעט איינער צום אַנדערן.

ער האָט זיך אומגעקוקט איבער דער שטוב, האָט אַרונטערגענומען פון האָק זיין גראַנאַטעגעם פּלאַשטש, און האָט אים אַרויפגעוואָרפן אויף אונז.

מיר האָבן אַרויסגעלאָזט אַ געשריי פאַר תענוג און באַלד האָבן מיר אַריינגערוקט די הענט אין די אַרבעל. פּיאָטרוש בלויז האָט געפּישטשעט, נישט קאָנענדיק צוטרעפן צו זיי. האָבן מיר אים מיטן קאָפּ פון דער פּאַלערינע צוגעדעקט און ער איז שטיל געוואָרן. איידער דער טאַטע האָט זיך געלייגט, איז ער נאָך איינמאָל צוגעגאַנגען צו אונז.

— נו, וואָס? סאיז אייך וואַרים, קינדער? — האָט ער געפרעגט.

— מיר איז וואַרים דאָ — האָב איך געענטפערט טיף פון פּלאַשטש אַרויס.

— און מיר ווי!—האָט געשריגן פּעלעק.—אוי, טאַטע, מיר איז אַזוי הייס.

און ער האָט אַרויסגעשטעקט זיינע לאַנגע, דאַרע פּיס, כדי צו באַווייזן, ווי ער קאָן זיך באַגיין אָן אַ צודעק.

עס האָט ווירקלעך אַ ליבע וואַרימקייט זיך געגאָסן אויף אונז פונם אויוון, ווייל דער טאַטע האָט פאַרנאַכט געבראַכט קאָקס, האָט צוברענט אַ פייער און דער מאַמען אויפגעקאָכט טיי. מיר זענען טאַקי גלייך איינגעשלאָפן. נאָר פאַרטאָג האָט זיך פלוצלינג געמאַכט זער קאַלט. איך האָב דערפאַר אַריבערגעצויגן דעם פלאַשטש אויף מיין זייט. פעלעק האָט זיך תחילת צונויפגע- קאָרטשעט אין שלאָף, נאָר דערנאָך האָט ער אויך אָנגעהויבן ציען דעם פלאַשטש. און אַז איך האָב נישט געלאָזט, ווייל נעבן אויוון איז דאָך אים וואַרימער געווען פון מיר, האָט ער גענומען זיך אַליין טיפער אַרונטעררוקן אונטער דעם פלאַשטש.

ביי דעם אַרונטעררוקן זיך, האָט ער געמוזט אַ דריק-טון פיאָטרושן, ווייל דער קליינער האָט פלוצלינג אָנגעהויבן צופי- שטשען און דערנאָך האָט ער זיך ערשט אויף אַן אמת צובעטשעט.

די מאַמע האָט שטיל אַקרעכץ-געטון איינמאָל און נאָכאַמאָל.

— פיליפ! פיליפ! — האָט זי גערופן מיט אַ שוואַך קול— טו נאָר אַ קוק צו די יינגלעך, ווייל פיאָטרוש וויינט עפעס...

נאָר דער טאַטע איז געשלאָפן.

— קינדער! — האָט זיך די מאַמע ווידער אָנגערופן — פאַרוואָס וויינט דאָרט פיעטרוש?

— דאָס האָט אים פעלעק, מאַמע!. . . — האָב איך אָפגעענטפערט.

— נישט אמת, מאַמע, דאָס האָט אים וויצעק!...— האָט ער גלייך אָפגעשפאַרט מיט אַ פאַרשלאָפן קול.

די מאַמע האָט נאָך שטילער אַקרעכץ-געטון, און אַז פיאָטרוש האָט נישט אויפגעהערט צו וויינען, האָט זי זיך אַראָפגעשלעפט פון בעט, גענומען אים אויף דער האַנט און האָט אים צוגעט- ראָגן אויף איר געלעגער. אונז האָט זיך טאַקע באַלד געמאַכט נערוימער, האָט מיר פעלעק דערלאַנגט אַ שטורק אין דער זייט, איך אים—צוריק, און אויסדרייענדיק זיך איינער פון אַנדערן, זע- נען מיר געשמאַק געשלאָפן ביז אינדערפרי.

אין עטליכע טעג אַרום איז' ווידער געקומען דער האַנד- לאַרזט. קיינער האָט אים נישט גערופן, נאָר ער איז גע-

קומען אַזוי פֿון איידלקייטוועגן—ווי ער האָט געזאָגט—צו דערווייסן זיך, צי דער מאַמען איז בעסער. באַלד האָט ער אויך אָנגעהויבן אַרומגיין איבער דער שטוב, באַקוקן די שאַנק, די בענקלעך. נאָר דער טאַטע איז עפּעס אָנגעכמורעט געווען און האָט מיט אים קיין סך רעדן נישט געוואָלט.

צומאָרגנס איז דער האַנדלאַרוש ווידער געקומען. יענעם טאָג האָבן מיר געהאַט אויף מיטאָג קאַרטאָפֿל מיט זאַלץ בלויז, ווייל קיין געשמעלץ איז נישט געווען, דאָס ברויט האָט זיך אויך עפּעס אויסגעלאָזט, און פּיאָ־רוש איז אַוועק אין דער אָכראָנקע אָן אָנבייסן. מיך האָט דער טאַטע געהייסן צוגרייטן אַ זעקל אויף קוילן. האָט מיר פּעלעק אַ שטורך געטון אין דער זייט, אַז מיר ווען, הייסט עס, האָבן וואַרים, ווייל דערווינט האָט שרעקלעך געפּייפּט איבער דער שטוב און באַלד האָבן מיר זיך צוגלאָכט. איך בין שוין געשטאַנען גרייט אַ היבשע ווײַלע, נאָר דער טאַטע האָט, ווייזט אויס, פֿאַרגעסן אין די קוילן, ווייל זיצנדיק אויף דער מאַמעס בעט, האָט ער זיך עפּעס פֿאַרטראַכט און געצופּט די וואָנסעס. איך האָב איינמאָל אַ הוסט געטון, ער האָט אפילו נישט אַ קוק־געטון אין מיין זייט; איך האָב אַ צווייט מאָל אַ הוסט געטון. ער האָט אַ קוק־געטון, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט מיך נישט געזען; און דערויף טאַקע איז אַריין דער האַנדלאַרזש און אָנגעהויבן דינגען די שאַנק.

איבערשטעלנדיק זיך פֿון איין פֿוס אויפֿן אַנדערן, האָב איך געוואַרט נאָך אַ ווײַלע, נאָר איך האָב מיך זער געאיילט, ווייל דאָס וואַסער אַרום דער פּלומפּ איז פֿאַרפֿרוירן געוואָרן און פּעלעק איז אַוועקגעלאָפֿן גליטשן זיך; האָב איך דערפֿאַר מיך איינגעשטעלט און אַ דריט מאָל אַהוסט געטון. ערשט דער טאַטע גיט זיך עס נישט אַ דריי־אויס און טוט אַ זעץ מיט דער פֿויסט איבערן טיש! איך בין אין איין אָטעם אַרויסגעשפּרונגען אין הויז אַריין, שיער נישט פֿאַלנדיק איבער דער שוועל. דער האַנדלאַזש איז אויך אָן שיהות אַרויסגעגאַנגען. און דעם יידל פֿון אַקייגנאיבער אָנגעהויבן רופֿן מיטן פֿינגער. דערווייל האָט מיך דער טאַטע אַ רוף־געטון און כאָטש די הענט האָבן אים נאָך עפּעס געציטערט, האָט

ער אָפּגעצײלט זעכצן גראָשן און געהײסן מיך לױפן נאָך קױלן.

אַז איך בין צוריקגעקומען, האָבן דער האַנדלאַרזש און דער ייִד פון אַקײגנאיבער אַרױסגעטראָגן די שאַנק. דער טאַטע האָט פאַרשטעלט אין דער טיר, כדי עס זאָל קײן סך קעלט נישט אַנ-לױפן, די מאַמע האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ צו דער װאַנט און האָט שטיל געקרעכצט.

דאָס אַװעקנעמען די שאַנק פון װינקל, װוּ זי איז געשטאַ-נען האָט אונז, אױך װיפיל עס געדענקט זיך מיר, ענטדעקט אַ סך נײע זאַכן; מיר האָבן דערפאַר אַנידערגעקניט אינמיטן דעם מיסט, װאָס איז דאָרט געװען אָנגעזאַמעלט און סהאָט זיך אָנגעהױבן אַ זוכעניש. פּעלעק האָט געפונען אַ בלעכענעם קנאָפּ, װאָס ער האָט זיך באַלד אָנגענײט אױפן אַרבל, און איך האָב מיט אַ שטעקן אַרױסגעשאַרט פון דער שפּאַרע אַ גרױסע פאַרזשאַװערטע נאָדל און אױך אַ „משה רבינוס-פערדל“ מיט אונטערגעדרײטע פיסלעך און אַ צושפּאָלטן פליגעלע. מיר האָבן באַלד אָנגעהױבן צובלאָזן דערױף, נאָר עס איז געװען טױט.

נאָך יעדע פון דידאָזיקע ענטדעקונגען, פלעגן מיר פרײלעך אױסשרײען, און דער טאַטע האָט אונז נישט געקאָנט צוטרײבן צו דער קאַשע, װאָס ער האָט אונז אָפּגעקאָכט אױף מיטאָג, און װאָס בלױז די מאַמע האָט נישט געװאָלט עסן. ענדליך האָבן מיר אַלץ אַדורכגענישטערט און איבערצײגנדיק זיך, אַז קײן שום אוצרות איז שױן מער נישטאָ אין װינקל, האָבן מיר אַרױסגעקערט דאָס איבערגעבליבענע מיסט אין פּאָדער-הײזל.

ערשט איצט האָב איך דערזען, אַז אױפן אָרט, װוּ סאיז געשטאַנען די שאַנק, איז אַ שטיק װאַנט געװען װײסער װי די רעשט שטוב; איך האָב דאָס אָנגעמערקט פּעלעקן, און אַזױ װי די מאַמע האָט אױך געקוקט אין יענעם װינקל אַרײן מיט אַ טרױ-עריקן בליק, איז דערפאַר דער טאַטע אױפגעשטאַנען פון דער קאַשע אַװעק, האָט אױסגעזוכט אין קעסטל צװײ טשװעקעס און אַרײנקלאַפּנדיק אין דעמדאָזיקן העלערן שטיק װאַנט, האָט ער אױפגעהאָנגען אױף זײ דער מאַמעס ברױנע יום-טובדיקע קלײד און דאָס צװײטע, דאָס בלױע טעגליכע, האָט מיט אַ טוך זײ פײן

איבערגעדעקט און אָפּגעצויגן ביי די זייטן. עס האָט זער שיין אויסגעזען, און פּעלעק מיט פּיאָטרושן האָבן זיך באַלד דאָרט גענומען שפּילן אין באַהעלטעניש.

דער מאַמען איז צו יענער צייט עפּעס ערגער געוואָרן; דער דאָקטאָר האָט איר געהייסן געבן גוטע יויך און פרישע פליייש און כאָטש זי האָט געוויינט אויף דעם היזק און אויף וויפיל זי האָט נאָר געקאָנט, האָט זי דעם טאַטן דאָס פאַרווערט, בין איך דאָך אַ וואָך צייט יעדן טאָג געלאָפן צום קצב, קייפנדיק טיילמאָל אַפילו אַ גאַנץ האַלב פונט.

און דער האַנדלאַזש האָט זיך שוין אַזוי צוגעוואוינט צו אונז, אַז סיי סהאָט אים ווער גערופן, סיי נישט גערופן, האָט ער יעדן טאָג כאָטש דורך דער טיר אַריינגעקוקט. אַפילו הינטל טיי, דעם סטרוזשס הונט האָט שוין נישט געבילט אויף איבם. נאָך דער שאַנק האָט דער האַנדלאַזש געקויפט ביי אונז פיר שטולן, געבייצטע אויף ניס-קאָליר, אויף וועלכע מיר פלעגן זיצן ביים מיטאָג. ביי די דאָזיקע שטולן האָבן מיר שוין איינמאָל געהאַט אַ תענוג, ווייל דער האַנדלאַזש האָט אַליין נישט געקאָנט מער נעמען ווי צוויי, און די אַנדערע צוויי האָבן מיר אים צוגעטראָגן אַזש אויף די אָרדינאַצקעס.

זענען מיר געגאַנגען ברייט אין דער סאַמע מיטן גאַס מיט די שטולן אויף די קעפּ און פּעלעק האָט אַזוי געליאַרמט: „אַוועק! אויף אַ זייט!" אַז דראָשקעס זענען אַזש שטיין געבליבן. דעם האַנדלאַזש האָבן מיר געלאָזט העט-ווייט הינטער זיך, כאָטש דאָס יידל איז אונז נאָכגעלאָפן שרייענדיק, אַז מיר זענען גזלנים, שוואַרציאָרן און נאָך דאָרט אַזעלכע איינפאַלן. און דאָרט אויף די אָרדינאַצקעס האָבן מיר ערשט גענומען פויקן אין די בענקלעך. עס זענען זיך אָנגעלאָפן מענטשן, מיינענדיק: קונצנמאַכערס; ביז דער האַנדלאַזש איז צו אונז צוגעפאַלן און כאַפּנדיק זיך פאַר דער באָרד אויף דעמדאָזיקן אָנגעלויף אַרום די בענקלעך, האָט ער אונז געגעבן אַ דרייער, אַז מיר זאָלן שוין אַוועקגיין.

אָט דער מאַרש אויף די אָרדינאַצקעס, האָט אונז אַזוי געשמעקט, אַז מיר האָבן זיך נאָר געפרעגט, וואָס מדאַרף אַרויסטראָגן.

דער עיקר האָט פּעלעק געהאַט יעדעס מאָל פרישע איינפּאַלן. ווי נאָר ער איז אַהיימגעקומען פון דער אָכראָנקע, האָט ער באַלד די הענט פאַרלייגט אויף הינטן, איז אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב און געקוקט אין די ווינקלען, אַזוי ווי אַ שאַצער.

— און אפשר וואָלט מען, מאַטע, דעם אייזערנעם טאָפּ צו אפשר די באַליע, אָדער דעם זייגער ?

— אַוועק! — האָט אויף אים אַ ברום-געטון דער טאַטע, וואָס איז איצט כמעט שטענדיק געווען עפּעס בייז און טרויעריק.

— פּעלעק! וואָס רעדסטו ?—האָט זיך אָנגערופן מיט אַ שוואַך קול די מאַמע,—דו וואָלסט שוין באַלד די נשמה פון גוף אויך פאַרקויפט ?

איך און פּיאָטרוש האָבן אויך אָנגעהויבן שטאַרק פּראָטעס-טירן.

— ווי!.. דעם טאָפּ!.. וואָס נאָך!.. און אין וואָס וועלן מיר קאָכן קאַשע, אָדער אַפילו קאַרטאָפל ?

— צי דעם זייגער! — האָט פּיאָטרוש צוגעגעבן מיט אויפ-געבראַכטקייט. — און ווי אַזוי וועסטו וויסן אָן אַ זייגער, ווען סווילט זיך דיר עסן, אָדער שלאָפן ?..

— אוי-וויי! — האָט פּעלעק אויסגערופן מיט אַ מינע פון אַ גאַנצן חכם—סזאָל אַזוי זיין אַ דאַגה וועגן וואָס, ווי וועגן דעם... און דו, צי דער זייגער גייט, צי ער שטייט, וואָלסטו שטענדיק נאָר געגעסן.

— און דו לויפסט דער קרעמערקע נאָך זעמל, כדי זי זאָל דיר געבן אַ „קאַדרילע" *).

— איך לויף נישט! — האָט פּעלעק געענטפערט רויט ווערנדיק.

— דו לויפסט!

— איך לויף נישט.

— טאַקי יאָ, דו לויפסט! כ'האָב אַליין געזען, ווי דו האָסט געגעבן אַ „קאַדרילע".

— איך אַ „קאַדרילע" ? ווי כ'האָב אַ גאָט אין הימל, אַז כ'האָב נישט געגעסן!..

*) אַ מין ביליגער וואורשט.

דאָ האָט ער זיך אַ קלאַפּ־געטון מיט דער פויסט איבער דער ברוסט, אַזש סהאָט געהילכט.

— נו, טאָ בלאָז־זשע אַרויס!

האָט זיך פעלעק אַוועקגעשטעלט און גענומען אַרויסבלאָזן, אַזש אַ פּאַרע איז געגאַנגען. פון דערדאָזיקע, פּראָבע איז ער אַרויס מיט טריאומף. קיין שום זאַך האָט נישט אויסגעגעבן דאָס פאַרצערן אַ „קאַדרילע", און פון דער טיפעניש פון איינגעפאַלע־נעם בויך, האָט זיך אַרויסגעהויבן אַ גרויסע לערקייט.

פעלעק האָט זיך אָבער נישט פאַרלוירן און אין אַ געוויסן טאָג, אַרומגייענדיק איבער דער שטוב און קוקנדיק איבער די ווענט, האָט ער פּלוצלינג אויסגעשריגן:

— און דעם ראָנדעל, טאַטע! און דעם מאַרזשער און דאָס פּרעס-אייזן!..

מיר זענען פאַרשטאַרט געוואָרן דאָס הערנדיק. דער ראָנדעל, דער מאַרזשער און דאָס פּרעס־אייזן — דאָס איז געווען כמעט אונזער שטוב־אוצר. אויסגעשטעלט אויף דער פּולקע גלייך אַקעגן דער טיר, האָבן זיי בלענדענדיק, כמעט גאָלדיק געלויכטן. דאָס מיטל־סטע אָרט האָט פאַרנומען דער ראָנדעל. אויף וויפיל סגעדענקט זיך מיר, האָב איך קיינמאָל נישט געזען, אַז סזאָל זיך עפּעס קאָכן אין דעם ראָנדל. דאָס וואָלט פשוט געווען אַ פאַרשוועכונג. דאָך האָט אים די מאַמע יעדן שבת גערייניגט מיט ציגל אָדער אַש, און אַזוי איז ער געשטאַנען אַ שיינענדיקער מיט דעם אויער אויף דער שטוב אַרויס, בלענדנדיק אין די אויגן, ווען מ'איז אין שטוב אַריינגעגאַנגען. נעבן אים איז געשטאַנען אין איין זייט דער מאַרזשער מיטן שטייסל און אין דער אַנדערער זייט — דאָס פּרעס-אייזן. דער מאַרזשער איז געווען אין איין עלטער מיט מיר. דער טאַטע האָט אים געקויפט, ווען איך בין געבאָרן געוואָרן, כדי צו דערפרייען דער מאַמען און אויסצודריקן איר אַ דאַנק פאַרן געבוירענעם זון.

האָב איך טאַקי קיין שום ייִנגל אין מיין עלטער פון אויפן הויף, באַ, אויף דער גאַנצער גאַס, נישט אַזוי געשעצט, ווי איך האָב געשעצט דעם מאַרזשער. די מאַמע האָט אים אַרונטערגענומען נאָר איינ־

מאָל אין יאָר, אינם „גרויסן פרייטאָג", כדי צו צושטויסן אין אים צימערינג צום פסחדיקן פלעצל. דאַמאָלס האָט זיך שטענדיק איבער־געחזרט דידאָזיקע געשיכטע, אין וועלכער איך און דער מאַר־זשער זעמיר געווען די העלדן. מיר האָבן אייגנטליך זיך נאָר אונטערשיידט דערמיט, וואָס מיך האָט אַ באָטשאַן געבראַכט אומ־זיסט, און פאַרן מאַרזשער האָט מען געדאַרפט צו באַצאָלן. עס איז דעריבער גאָר קיין וואונדער נישט, אַז דאָס באַשטיין פון דעם־דאָזיקן מאַרזשער, האָב איך באַטראַכט פאַר וויכטיקער פון מיר אַליין, בעזונדערס, ווען איך האָב אַ קוק געטון אויף זיין בכבודיק אויסזען, וואָס ער האָט שטענדיק געהאַט, אין דער צייט, ווען מיט מיר איז פאָרגעקומען פאַרשידנס אין יענער צייט, אי שפעטער...

דאָס פרעס־אייזן האָט אויך זער זעלטן אַראָפּגענידערט פון די הויכקייטן פון דער פולקע אויף דער פלאַך פון אונזער אַלטעג־לעך לעבן. די מאַמע האָט דערמיט בלויז געפּרעסט דעם כאַטנס פאָר־העמדלעך אויף זונטאג און אירע טיולענע הויבן; די איבעריי־קע וועש איז געגאַנגען אונטערן מאַנגל. איינמאָל אַפילו האָט זיך די מאַמע וועגן דעם פרעס־אייזן צוקריגט מיט דער סטרוזשקע, וואָס האָט עס פון אונז געוואָלט באָרגן.

— מיין ליבע! — האָט די מאַמע צו איר געזאָגט מיט זער אַן ענטשלאָסנעם טאָן — אַזאַ שטייגער זאַך איז נישט אויף צו באָרגן, נישט אויף צוטרויען פרעמדע הענט!.. דאָס קאָסט!.. דאָס איז אַ זאַך — איינמאָל אויפן גאַנצן לעבן!..

מיר האָבן אַלע נאָך געדענקט, ווי די סטרוזשקע האָט דע־רויף אַ טראַסק־געטון מיט דער טיר, ווי זי האָט זיך אין הויז צעלאָזט מיטן מויל און ווי דער מאַמען האָבן זיך די הענט געטרייסלט פאַר כעס און אויפגעבראַכטקייט, ווען זי האָט אונז שפּעטער אַ ווײַלע אָפּגעשניטן ברויט אויף אָנבייסן. פון יענער מינוט אָן טאַקע איז דאָס פרעס־אייזן אָן אַ שיעור געשטיגן אין מיינע אויגן. איך האָב עס אפילו אין געדאַנק צוגערעכנט צו די־דאָזיקע זאַכן, וואָס זענען איינמאָל אויפן גאַנצן לעבן, אַזוי ווי, למשל די טויפונג און דער גראַנאַטענער פלאַשטש, אויף וועלכן דער

טאַטע האָט אויך געזאָגט, אַז ער איז איינמאָל אויפֿן גאַנצן לעבן. און איצט האָט פּעלעק, זעט איר, געריעדט וועגן פּרעס-אייזן, ווי פּוואָלט זיך געהאַנדעלט וועגן אַ קאָך-לעפֿל, אָדער אַן אַלטן בעזים.

איך האָב אַ קוק-געטון אויפֿן טאַטן; כבין, געוויזן זיכער, אַז ער וועט פּעלעקן די אויערן אויסרייסן. נאָר דער טאַטע האָט איינגעראָבן די אויגן אין דרערד און געצופּט די וואָנסעס. נאָך גוט, וואָס די מאַמע איז אין דער מינוט געשלאָפֿן.

יענעם טאָג בין איך נישט געלאָפֿן נאָך קיין פֿלייש פֿאַר דער מאַמען. דער טאַטע האָט מיר נאָר געגעבן אַ דרייער אויף צוקיפּן בייגער און האָט פֿון זיי אַ קרופּניק אָפּגעקאָכט.

צומאָרגנס איז ער אַהיימגעקומען אַן אַדורכגעקעלטעטער און רייבנדיק די פֿאַרשטאַרטע הענט, האָט ער אויף דער שוועל שוין אויסגערופֿן:

— פֿריי זיך, אַנולקאַ! די ווייסל וועט, אַקאָרשט ווי מזעט, לאָזן, ווייל דער ווינט האָט זיך אָפּגעקערט אויף מערב.

נאָר די מאַמע, אַ קוק-טוענדיק אויפֿן טאַטן, האָט אַ פּאַטש-געטון מיט די הענט און זיך אַזש אַ זעץ-אויף געטון אויפֿן געלעגער.

— פֿיליפּ! — האָט זי אויסגעשריגן — און דער פּעלץ?

ערשט איצט האָב איך דערזען, אַז דער טאַטע איז אַהיימגעקומען אָן דעם פּעלץ.

איך האָב אָבער נישט געהאַט קיין צייט זיך מער אַרומצוקוקן, ווייל דער טאַטע האָט אַ כאַפּ-געטון פּיאָטרושן פֿאַר די הענט און געמאַכט מיט אים אַ קאָזשעליק אין דער לופֿט, דערנאָך האָט ער זיך הויך צולאַכט, האָט אָפּגעלאָזט פּיאָטרושן און אַוועקזעצנדיק זיך אויף דער מאַמעס בעט, האָט ער געלאַכט, אַזש טרערן האָבן זיך אים אַריבערגעגאָסן איבערן פֿאַרחושכטן פּנים. ער האָט זיי געשווינד אָפּגעווישט מיטן אַרבל פֿון דעם אַלטן וואַטעלייבל.

— נו, וואָס, אַנולקאַ? ווי פֿילסטו זיך?... — האָט ער געפֿרעגט.

נאָר די מאַמע, צוריקפֿאַלנדיק אויפֿן קושן איז געלעגן ווי אַ טויטע.

—פיליפ!—האָט זי ענדלעך אַרויסגעשעפּטשעט מיט פּאָרוואורף— וואָס האָסטו געטון?... דעם פעלץ פֿאַרקויפֿט?...

—דעם פעלץ! דעם פעלץ!— האָט איבערגעחזרט דער טאַטע—נו, און וואָס איז דער פעלץ... אַ גרויסע מעשה דער פעלץ! איך האָב אים געגנוג אָנגעשלעפּט דורך אַזויפיל צייט. און שווער איז ער, די הינטישע לאַפּע, אַזוי ווי דאָס נאמנות פֿון אַ מילנער... סווערט אזש לייכטער, אַז מען וואַרפט אים פֿון זיך אַראָפּ.

און ווען די מאַמע האָט שטיל געקרעכצט, האָט ער איר מיט דער האַנט געגלעט איבער די האָר און צוגעגעבן:

-- און אויך דו, אַנולקאַ, ביסט אַזאַ קרומע, אַז אַ ליאַדע וואָס קרעכצסטו... ג׳ווען אַ פעלץ, און נישטאָ — אַ שרעקלעכע געשיכטע! וואָס איז אַזוינס? דער פעלץ וועט מיר געבן צו עסן, אָדער דירה-געלט פֿאַר מיר צאָלן, צי וואָס? דער פרילינג איז הינטערן גאַרטל, נאָר צוקוקן ווי דער טייך וועט לאָזן, און איך וועל מיך ערשט מיט פעלצן פֿאַרזאָרגן... און דערצו וועט מיר שפּעטער אַביסל אויך אין וואַטע-לייבל זיין צו הייס, אַז די אַרבייט וועט זיך אָנהייבן...

יענעם טאָג איז ווידער ביי אונז געווען דער דאָקטאָר און ווידער בין איך געלאָפֿן אין דער אַפּטייק אַריין.

— דא איז עפּעס קאַלט — האָט געזאָגט דער דאָקטאָר, אַרויסגייענדיק — און ספּילט זיך אָ פייכטקייט. מוואָלט געדאַרפט בעסער הייצן... —

און ער האָט זיך אָפּגעטרייסלט, אַרומהילנדיק זיך מיטן קורצן פוטערל. דער טאַטע האָט דאָס אויסגעהערט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. דעם גאַנצן טאָג איז דאַן דער טאַטע געווען זער פריילעך; אָבער גלייכצייטיק האָט אים געמוזט עפּעס זיין, ווייל אַז די מאַמע האָט נאָר נישט געקוקט אויף אים, האָט ער זיך גלייך געענדערט אויפֿן פּנים, האָט אַראָפּגעהאָנגען דעם קאָפּ, און די אויגן זענען אים פֿון גרויע — שוואַרצע געוואָרן, מיט אַזאַ טרויער זענען זיי פול געווען.

אַקייגן אָוונט האָבן מיר געקויפט אַ גאַנצן האַלבן פּוד קוילן

אין געוועלבל און סאיז געווען אַזאַ פייער אין אויוון, אַז סהאָט געקנאַקט. דער טאַטע האָט צוגערוקט די באַנק צו אונזער שעניק און האָט זיך אַוועקגעזעצט. די מאַמע האָט זיך אויך אויסגעדרייט, כדי צו־קוקן אויפן פייער און מיר האָבן זיך אַלע אַזוי אויסגעוואַרימט – אַ מחיה!

עס איז פאַרביי ווידער אַ צוויי וואָכן. דער טאַטע האָט געהאַט עפּעס צו פאַרדינען; און דאָ איז אויך אין שטוב געווען אַ סך אַרבעט, דאָ וואַש אויס די שמאַטעס, דאָ קאָך־אָפּ דאָס עסן, כאָטש נישט שטענדיק האָט מען געקאָכט, דאָך איז נישט דאָס, איז עפּעס אַנדערש, און פון אונז איז העכסטנס נאָר עפּעס אַ גאַנג... דער מאַמען איז עפּעס אויך געווען נישט בעסער, נישט ערגער; זי איז נאָר שרעקלעך אָפּגעדאַרט געוואָרן און דאָס פּנים אויסגעבלייכט, אַזוי ווי אַ טוך; אַ שווערער הוסט פלעגט ... אַלץ אָפטער אָנכאַפּן, בעזונדערס באַגינען־צייט.

פון צייט צו צייט פלעגן די שכנות אַ קוק־אַריין טון צו אונז, חידושנדיק זיך, ווי אָפּגעמאָגערט די מאַמע איז געוואָרן.

– וואָלט שוין גאָט געמאַכט אַהין אָדער אַהער! – האָט דעם טשוועקעמאַכערס ווייב אַמאָל אַ זאָג־געטון צום טאַטן.

– טפּוי! – האָט דער טאַטע אויסגעשפּיגן. – וואָס רעדט איר עס דאָרט פאַר אַ זאַכן? וואָס איז? עס איז מיר שוין נמאס געוואָרן, צי וואָס? צי האָבן מיר עס זיך נאָר צוגעשוואוירן אויף געזונטע צייטן, און אויף די דאָזיקע קראַנקע נישט? צי האָט זי ביי ווער אַנדערש, נישט ביי מיר, נישט ביי מיינע קינדער סגעזונט פאַרלוירן?...

און דערמיט האָט זיך עס געענדיקט.

און דער פראָסט האָט געהאַלטן. כאָטש דער ווינט האָט זיך געהאַט אָפּגעקערט אויף מערב, איז אַזאַ קעלט געווען אין שטוב, אַז סאיז אַזש אַ פאַרע געגאַנגען. און אַז סהאָט פאַרנאַכט אַביסל געלאָזט, איז ווידער געוואָרן אַזאַ שניי־זאַווערוכע, אַז מהאָט די וועלט נישט אָנגעזען. פיאָטרוש איז שוין אַפילו אין דער אָכראָנקע אַריין נישט געגאַנגען, נאָר איז געזעסן הינטערן אויוון, אָדער צופוסנס אין דער מאַמעס בעט, אַזאַ איידעלער פאַרשוין! אזוי איך און פעלעק האָבן געמאַכט קוילן פון שניי און

געוואָרפן זיך, כּדי אַזוי אַרום זיך צו דערוואַרמען.

איין טאָג האָט מען עפּעס נישט געהייצט דעם אויוון. דער טאַטע האָט צוגעדעקט דער מאַמען מיט דער דערע, און מיך האָט ער אַריינגעשיקט צו דער שכנטע נאָך אַ שטיקל צוקער צו די קרייטעכצער. נאָר די שכנטע האָט נישט געהאַט. דער טאַטע האָט דאַן געעפּנט דעם קאַסטן: אפשר וועט ער דאָרט ערגעץ געפינען כאָטש עטלעכע ברעקלעך, ווייל די מאַמע האָט אַזוי געהוסט, אַז ס'האָט זיך איר אַזש אין דער ברוסט עפּעס מיטגעריסן. באַלד האָבן מיר אַלע דריי אַרומגערינגלט דעם טאַטן, ווייל אין קאַסטן פלעגן זיין פאַרשידענע זאַכן, אַזעלכע, וואָס מיר האָבן זעלטן-ווען געזען. עס איז דאָרט געלעגן אין אַ פּודעלע דעם טאַטנס ראַזיר-מעסער, אין אַ צווייטס—די מאַמעס קרעלן, עס איז אויך געלעגן אַ שוואַרץ זיידן טיכל, וואָס דער טאַטע האָט געטראָגן אויפן האַלז נאָר אין אַ גרויסן יום-טוב; עס האָט זיך געפונען דאָרט דער מאַמעס פעלץ מיט די רויטע פּאָדשעווקע, אַ געל געבלימט טישטוך, אַ קאַפּע פון אַ גרינעם פּערסישן שטאָף.

נאָר דאָסמאָל האָבן מיר זיך אינגאַנצן ענטוישט: דער קאַסטן איז געווען ליידיק. אין אַ ווינקל נאָר, פאַרבינדן אין אַ רויט טיכל, איז געלעגן דעם טאַטנס האַרמאָנקע פון בחורוויז. דער טאַ-טע האָט זי אַ שטויס געטון איינמאָל און נאָכאַמאָל, זוכנדיק ברע-קלעך צוקער, עפּעס ווי ער וואָלט מורא געהאַט זי אויפצוהייבן און אָפּצוריקן פון ווינקל. זי האָט יעדעס מאָל אַ קלונג געטון און שטיל געוואָרן. נאָר פעלעק האָט שוין אַריינגעריקט די האַנט אין קאַסטן.

— און די האַרמאָנקע, טאַטע! — האָט ער אַ געשריי געטון, אויפהייבנדיק דאָס רויטע פּעקעלע — צי וואָלט מען נישט געקאָנט די האַרמאָנקע?...

— פעלעק!... — האָט די מאַמע אויסגעשריגן מיט אַ שוואַך קול פון בעט אַרויס.

דער טאַטע איז רויט געוואָרן. האָט צוגענומען פון פעלעקן דאָס טיכל מיט דער האַרמאָנקע, צריינגעלייגט אין קאַסטן און פאַרשלאָסן אים.

יענעם טאָג האָבן מיר קיין אָנבייסן נישט געגעסן; און קיין מיטאָג איז אויך נישט געווען. כהאָב געמיינט, אַז דער טאַטע וועט מיך כאָטש שיקן נאָך ברויט, אָבער וואו! פּיאָטרושן בלויז איז אָנגעקומען דאָס נעכטיקע רעפטיל ברויט. איך און פעלעק זעמיר אַרויס אין הויז אַריין זיך שפּילן אין „קלאַס" ווייל אונז איז געווען שטאַרק לאַנגווייליק. עס איז שוין געווען אפשר צוויי אַ זייגער, אָדער אפשר דריי, אַז די מאַמע האָט מיך צוגערופן צום בעט און געזאָגט מיט אַ מיד, געבראָכן קול:

— לויף נאָר אַריבער, וויצוש, צו דער מאַנגלאַרקע אויף דער שצילגע — ווייסט?..

— אוי-ווי... וואָס כהאָב דאָ נישט צו-וויסן... נומער דריי...

— נומער דריי — האָט די מאַמע איבערגעחזרט — דאָס איז אַן אָרנטליכע פרוי, זי וועט אפשר קויפן דאָס פּרעס-אייזן...

— דאָס פּרעס-אייזן?.. — האָב איך איבערגעפרעגט, מיינענדיק, אַז כהאָב נישט גוט דערהערט.

— נאָר זי זאָל ערשט קומען פאַרנאַכט, אַז די סטרוזשקע זאָל זי אויפן הויף נישט זען... נו, גיי...

כהאָב געכאַפּט דאָס היטל, ערשט זי האָט מיך אַ רוף-געטון אַ צווייט מאָל:

— וויצוש!..

נאָר אַז איך בין צוגעגאַנגען, האָט זי אַ קוק געטון אויף מיר און געזאָגט:

— שוין גאָרנישט, גאָרנישט! גיי...

איך בין שוין געווען אין דער טיר, אַז זי האָט מיך נאָכאַמאָל צוריקגערופן.

זי איז געלעגן אויפן בעט האַלב-אויפגעזעצט, אירע איינגעפאַלענע אויגן זענען געווען ברייט געעפנט.

— און דעם מאַרזשער...—האָט זי געשעפּטשעט אַזוי שטיל, אַז כהאָב קוים געהערט.

איך בין פאַרשטיינערט געוואָרן. כהאָב געהאַט דעם איינדרוק, עפּעס ווי מען וואָלט מיך אַליין געגאַנגען פאַרקויפן.

— דעם מאַרזשער?—האָב איך זער שטיל איבערגעפרעגט,

אָנבייגנדיק זיך צו דער מאַמעס פּנים.

זי האָט געאָטעמט שווער, נישט רעגלמעסיק, אין די ברוסט האָט איר עפּעס שאַרף געפּייפט. זי האָט גאָרנישט געענט־פערט, מיך נאָר צוגעהאַלטן ביי דער האַנט. איר האַנט איז געווען קאַלט און פייכט. צוויי צי דריי מאָל האָט זי געעפנט דאָס מויל, נישט אַרויסברענגענדיק קיין שום קלאַנג, איר גאַל גע־וואָרענע, שטערן האָט זיך באַדעקט מיט אַ שווייס.

זי האָט אַריינגעצויגן אין זיך לופט מיט אַ טיף אָפּאָטעמען, ענליך צו אַ זיפץ.

— און דעם ראָנדעל!.. האָט זי אַרויסגעשעפּטשעט מיט אָנשטרענגונג.

— דעם ראָנדעל?... — האָב איך איבערגעפרעגט, אויך מיט אַזאַ שטיל קול.

זי האָט בלויז אַ מאַך־געטון מיט דער האַנט, דער קאָפּ איז איר אַרונטערגעפאַלן אויפן קישן, די אויגן האָבן זיך איר האַלב־צוגעמאַכט.

איך בין אַרויסגעלאָפן, ווי אַן אָפּגעבריטער, מיטן היטל אין דער האַנט. אין הויז האָב איך געטראָפן פעלעקן.

— הער, דו — האָב איך אים אַ געשריי געטון אין אויער אַריין — דעם ראָנדעל און דעם מאַרזשער און דאָס פּרעס־אייזן, אַלץ פאַרקויפט מען!

— ברענט עס! — האָט זיך פעלעק צולאַכט, און האָט אַ שפרונג געטון אין דערהייך פאַר פרייד און אַ זעץ זיך מיט די הענט איבער די זייטן. דערדאָזיקער שפרונג איז געווען דאָס מייסטער־שטיק אין זיין גאַנצן רעפּערטואַר. איך האָב אים דאָס קיינמאָל נישט געקאָנט נאָכמאַכן. ער האָט זיך געוואָרפן אין דער לופט אַזוי לייכט, ווי אַ פיש אין וואַסער. באַלד זענען מיר אַלע ביידע אַוועקגעלאָפן אויף שציגלע, ווייל פעלעק איז געווער גרויס ביי זיך און האָט מיך קיינמאָל נישט געלאָזט אויף אַ האָר פאַר אים.

נאָר די מאַגליאַרקע האָט נישט געוואָלט קיין סך מיט מיר רעדן. זי האָט געזאָגט, אַז קיין ראָנדעל דאַרף זי נישט און אַ

מאַרזשער און אַ פּרעס-אייזן, האָט זי אייגענע. מיר זענען אַרויס-געגאַנגען אויפגערעגטע.

— אַ מאוסע באָבע ! — האָט פּעלעק אויסגעש־יגן—קיין ראָנדעל דאַרף זי נישט ! אַזאַ ראָנדעל, אַפילו ווי אונזערער דאַרף די נישט.

מיט בלישטשענדיקע אויגן האָט די מאַמע אונז אָפּגעוואַרט; און אַז איך האָב איר געזאָגט דער מאַגליאַרקעס ענטפער, האָט זי אָפּגעזיפצט, ווי דערפילנדיק עפּעס אַ גרויסע דערלייכטערונג.

דאָך פאַרנאַכט האָט זי מיך ווידער צוגערופן און געהייסן לויפן נאָך אַ האַנדלאַרזש. זענען מיר אַלע ביידע, איך און פּעלעק אַרויסגעלאָפן, גליקליכע, וואָס דאָסדאָזיקע עסק ענדיקט זיך נאָך נישט. דער האַנדלאַזש איז געקומען, האָט באַקוקט דאָס פּרעס-אייזן, האָט באַקוקט דעם מאַרזשער, האָט באַקוקט דעם ראָנדל און פער-קרומענדיק זיך, האָט ער געזאָגט, אַז דאָס אַלץ טויג נישט מער ווי אויף שמעלץ. דאָס פּרעס-אייזן איז איבערגעברענט, דער מאַר-זשער איז קליין, דער ראָנדעל איז אַ דינער און פאַרלייט אין דער זייט... פאַר די דאָזיקע דריי ש״יך צוזאַמען האָט ער געגעבן צען גילדן.

די מאַמע האָט זיך אַ ריס-אויף געטון און אַוועקגעזעצט זיך אויפן בעט.

— וואָס ?... צען גילדן ?... דער מאַרזשער אַליין האָט געקאָסט פינף גילדן מיט דרייצען גראָשן ! און דאָס פּרעס-אייזן !.. און דער ראָנדעל !

— נו, אויף שמעלץ... — האָט אָנגעהויבן דער האַנדלאַזש.

נאָר זי האָט אים נישט געלאָזט ווייטער רעדן, און מיט אַ טרייסלענדיקע האַנט אים געוויזן צו דער טיר.

— גייט !.. גייט !.. זאָלן אייך מיינע אויגן נישט אָנקוקן !.. איר זענט נישט איינער אויף דער וועלט—

און זי האָט אונז גלייך געשיקט נאָך אַ צווייטן האַנדלאַזש. נאָך דעם רויטען, וואָס האָט ביי אונז דעם לעצטן טיש געקויפט.

מיר האָבן זער ליב געהאַט דאָס דאָזיקע יידל, ווייל ער האָט דערציילט פאַרשידענע המצאות ביים קויפן יענעם טיש, און

פאַר אָפּטראָגן אים אויף דער צווייטער גאַס, האָט ער מיר און פּעלעקן געגעבן צו ניס.

אמת, פּעלעקס נוס איז געווען אַ געלעכערטע, אָבער ער האָט אַ גאַנצן טאָג אויף איר געפּייפט, אַזוי ווי עס גייט אָפּ אַ באַן־זעמיר טאַקי אַוועקגעלאָפן נאָך דעם רויטן. ער איז געשטאַנען אין ראָג פאַרן געוועלבל און געפּלאַפּלט מיט דעם ערשטן, וואָס איז פון אונז אַרויסגעגאַנגען. דאָך האָט ער באַלד פאַריכט דעם זאַק מיט די פּלעשער אויף די פּלייצעס און זיך געלאָזט גיין נאָך אונז.

נאָר באַקוקענדיק דעם מאַרזשער, דעם ראָנדעל און דאָס פרעס־אייזן, האָט ער נישט געוואָלט מער געבן פאַר זיי נאָר ניין גילדן מיט זעכצן גראָשן; געזאָגט האָט ער, אַז דער מאַרזשער וועט אויך אויף קיין שמעלץ נישט טויגן. דער מאַמען האָט עס אַזש געוואָרפן ווי אין אַ פיבער, און כאָטש זי האָט זיך כמעט נישט געקאָנט רירן אויפן בעט, האָט זי דאָך אַרויסגעריסן דעם רויטן דעם ראָנדעל פון דער האַנט און האָט אים אַראָפּגעלאָזט אויף דרערד. ער האָט אַ קרעכץ־געטון, אַזוי ווי אַ צוקלאַפּטער גלאָק.

עפּעס אַ מאָדנעם איינדריק האָב איך דערפילט, דערהערנדיק דעמדאָזיקן קרעכץ. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז סהאָבן אַ קרעכץ געטון די ווינקלען פון אונזער שטוב.

די מאַמע האָט זיך פאַרשטעלט די אויגן און אָנגעהויבן וויינען.

איידער סאיז געוואָרן נאַכט, זענען ביי אונז נאָך געווען אַ פינף האַנדלאַזשעס. נאָר יעדער איינער האָט אַלץ ווייניקער געגעבן; כאָטש מיט צוויי, מיט דריי גראָשן, נאָר ווייניקער. זיי האָבן גע־פּלאַפּלט, האָבן זיך געקריגט, האָבן זיך געריסן פון די הענט אונזער מאַרזשער און אונזער פרעס־אייזן. עס איז געווען אַ גרעסערער טומל, ווי אויף פּאָציעיאָוו.

פּעלעק האָט מיך כסדר געקניפּן פון גרויס תענוג דערפון.

— איז דאָס אַ „העצע"! — האָט ער אויסגערופן, שטיקנדיק זיך פאַר געלעכטער, און כדי זיך אינווייניק לייכטער צומאַכן, האָט ער אַ מאַך־געטון אַ גרויסאַרטיקן קאָזשעליק

די האַנדלאַזשעס האָבן זיך ענדליך אַרויסגעטראָגן, אָנמאַ־כנדיק אין שטוב אַ שלעכטן ריח; דער ראָנדעל, דאָס פרעס־אייזן

און דער מאַרזשער זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט אויף דער באַנק נעבן דער מאַמען. זי האָט געקוקט אויף מיר מיט אַ טרויעריקן, מידן, כמעט פאַרשטיינערטן בליק. נאָר ווען דער פראָסט האָט זיך אויף בייגאַכט צלץ שטאַרקער פאַרנומען און פיאָטרוש, אַ פּשוט, נישט אויסהאַלטעווודיק בריאהלע, האָט אָנגעהויבן צו פּישטשען אַז סאיז אים קאַלט, האָט מיך די מאַמע געהייסן אַ לויף־טון צו דער סטרוזשקע און פרעגן, צי זי וועט נישט קויפן דאָס פרעס־אייזן.

נאָר די סטרוזשקע האָט, ווייזט אויס, נישט פאַרגעסן יענעם אָפזאָג פון דער מאַמען, האָט זי זיך אָנגעבלאָזן אַזוי ווי אַ קאַרמעליטישע באַניע.

— אַז איך וועל האַלטן ביי קויפן, וועל איך מיר קויפן אַ נייס! וואָס טויג מיר דאָרט אַזאַ אַלטער גראַט!

אַז איך האָב דאָס איבערדערציילט דער מאַמען, האָבן פּייערן אַ שלאָג געטון אויף איר.

— נישט, איז נישט! — האָט זי אויסגערופן מיט אַ קול, וואָס האָט בעציטערט פון כעס—קוקט זי נאָר אָן! אַ גראַט! אַן אַלטער גראַט!.. וואָס פאַר אַ מאַדאַם! אויף באָרגן איז עס איר געווען גוט, נאָר אַז קויפן, איז עס אַן אַלטער גראַט! וואַרט דו געמיין שטיק... גיהנום'ניצע...

זי האָט זיך פאַרהוסט און געכאַפּט זיך כאַר דער ברוסט. נאָר סאיז נישט געווען, וואָס איר צו געבן נאָכצוטרינקען, ווייל די קרייטעכצער צום הוסט זענען שוין לאַנג געהאַט אויסגעגאַנגען.

— האָסטו דיר אַ טריאַטר!.. — האָט פּעלעק אַ מורמעל געטון, קנייפנדיק מיך, אַזש כבין אויפגעשפּרונגען פאַר ווייטאָק.

— וויצוש! — האָט זיך די מאַמע אָנגערופן מיט אַ געבראָכן קול — טו אַלויף צו יענעם ערשטן האַנדלאַזש, וואָס האָט געגעבן צען גילדן, צו דעמדאָזיקן שוואַרצן, ווייסט? זאָל ער אַריבערקומען, — און צומאַכנדיק די מידע אויגן, האָט זי געשעפּטשעט:

— פאַר אַ שיבוש וועל איך עס פאַרקויפן, אַ תל מאַכן און דו גיהנומניצע, געמיין שטיק איינע — אַוועק פון די אַלטע גראַטעס, חוזק־מאַכערקע פון יענעמס פאַרמעגן! סוועט דיר

ניִשט באַקומען! סוועט דיר נישט באַקומען!

און זי איז אַנטשוויגן געוואָרן אינגאַנצן אַ דערשעפּטע.

פעלעק האָט זיך אַזש געשלאָגן מיט די פּיענטעס איבער די לידקעס פון די פּיס, אַזוי איז ער געלאָפן מיט מיר נאָך דעם האַנדלאַזש. מיר האָבן געמיינט, אַז סוועט אים אויסקומען צו זוכן גאָט ווייסט וואו, נאָר ער איז כמעט גלייך אָקייגן אונזער טויער געשטאַנען. די הענט פאַרלייגט הינטערן גאַרטל פון כאַלאַט און האָט געשפּיגן אין די זייטן. סהאָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געשטאַנען און געוואַרט אויף אונז. ווען פעלעק האָט אונטערלויפנדיק, אים אַ שטורך-געטון אין עלנבויגן, האָבן אים אויפגעבליצט די פאַרמרוזשעטע אויגן, ווי ביי אַ קאַץ און ער האָט אַ ציי-געטון מיט דער נאָז. ער האָט גענומען גיין נאָך אונז גיך, האַסטיק. נאָר אויך ער האָט איצט מער נישט געוואָלט געבן, ווי „גלייכע ניין גילדן“. דאָס וואָרט „גלייכע“, האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אַזאַ קול, ווי ער וואָלט צו די דאָזיקע ניין גילדן אַמוייניקסטנס אַ האַלבן רובל צוגעלייגט.

דער מאַמען האָט זיך ווידער דאָס פּניב צופּלאַמט.

— מענטש! — האָט זי אויסגעשריגן, — סטייטש, סאיז דאָך דערפון נישט אָפּגעקומען! סטייטש, איר האָט דאָך פריער צען גילדן געגעבן, און סאיז דאָך דאָסזעלבע!

— נו, איז וואָס, אַז עס איז דאָסזעלבע? — האָט פלעג-מאַטיש אָפּגעענטפערט דער האַנדלאַזש — איך האָב זיך איבער-געלייגט...

— גיט-זשע שוין די צען גילדן, אַזוי ווי איר האָט גע-געבן... האָט „יאַנדעס“!..

— נו, „יאַנדעס“ האָב איך! ווען איך וואָלט קיין „יאַנדעס“ נישט געהאַט, וואָלט איך נאָר געגעבן אַכט גילדן, נאָר אַזוי ווי איך האָב ‚יאַנדעס“, וועל איך געבן גלייכע ניין.

— אַז גאָט זאָל אייך שווער שטראָפן פאַר מיין עולה! — האָט די מאַמע אַ קרעכץ-געטון.

— וואָס הייסט שטראָפן?—האָט זיך געריסן דער האַנדלאַזש — פאַר וואָס שטראָפן? צי וויל איך עס בחנם נעמען? צי גיב איך

פלעווס? נו, איך גיב דאָך באַרעס געלט.

די מאַמע האָט שוין גאָר נישט געענטפערט, איר פּנים איז געווען אַזוי בלייך, ווי אַן אָפּגעבליאַקעוועט בלאַט.

ווען דער ייִד האָט אויסגעציילט דאָס געלט, האָבן פּעליקס אויגן זיך געיאָגט נאָך יעדן צענערל. וועלכעס סאיז נאָר געווען אפילו עטוואָס אָפּגעריבן, האָט ער עס באַלד אַרויסגעוואָרפן פון דער ריי, שרייענדיק, אַז סאיז פאַלש. דער ייִד האָט געסאָפּעט, דערנאָך איז ער אַזוי רויט געוואָרן, ווי עס וואָלט אים אַ האַרץ-שלאָג אָנגעכאַפּט. ער האָט זיך איינמאָל אפילו פאַרמאָסטן אויף פעליקן, אין אַזאַ כעס איז ער אַריינגעקומען. אָבער פּלוצלינג האָט ער אַ שמייכל געטון, האָט אַרויסגענומען פון וועסטל-קעשענע אַ שוואַרצן גראָשן און דערלאַנגדיק פעליקן, האָט ער געזאָגט:

— אַ, דו קלוגער יינג! דו וואַקסט אַן „אוזשענדריק"! נאַ דיר אויף אַ קיכל!

נאָר פעליק האָט דעם גראָשן נישט צוגענומען.

— דאָ קוקט, וואו איר האָט נישט צוגעלייגט קיין דרייער— האָט ער געזאָגט, קלאַפּנדיק מיט אַ פינגער אין אַ קופּע גראָשנס, אין וועלכע סהאָט געדאַרפט זיין אַ גילדן—דאָ דערלייגט. און מיר פאַרדרייט נישט קיין קאָפּ מיט קיין קיכלעך.

דער ייִד האָט וואָס אַמאָל אַלץ שטאַרקער געסמאָטשקעט מיט די ליפּן פון חידוש.

— אַ קלוגער „בוב"!—האָט ער אַ מורמעל געטון צו זיך אַליין.

ענדלעך האָבן זיי זיך ווי-סאיז אויסגעציילט. דער ייִד האָט מיט אַ רוישנדיקן קלאַפּ אַריינגעוואָרפן דאָס אייזן, דעם מאַרזשער און דעם ראָנדעל אין אַ שמוציק זעקל, און מיך האָט די מאַמע געשיקט נאָך קוילן און האָלץ.

ווען דער טאַטע איז געקומען, האָט זיך שוין געברענט פייער אין אויוון, און מיר האָבן געזופּט איינער נאָכן אַנדערן שיטערס פון אַן אייזערן טעפּל.

דער טאַטע איז שטיין-געבליבן אין דער שוועל, אַ קוק-געטון אויפן פייער, אויף אונז, דערנאָך איבער דער שטוב, און ווען זיין בליק איז געבליבן הענגען אויף די אָפּגעליידיקטע פּולקע, האָט

ער אַראָפּגעלאָזט די אויגן און איז אויף די שפּיץ-פינגער צוגעגאַנ־
גען צו דער מאַמעס בעט.

נישט לאַנג דערנאָך האָט עס געלאָזט אין דרויסן. ביינאַכט
פלעגט זיך הערן דער שרעקלכער הילך פון דאָס פּלאַצנדיקע אייז
אויף דער ווייסל. דאָך האָבן מיר נאָך כּכדר געקויפט קוילן,
ווייל אין שטוב איז געווען אַזאַ פייכטקייט, אַז סהאָט זיך פון די
ווענט געגאָסן.

אונזער שטוב איז געוואָרן אויסגעלערט און אויסגערייניגט.

— אויף גאָל. . . — ווי פעלעק האָט געזאָגט.

עס איז אַוועק דער מאַמעס געמיינערע קלייד, סאיז אַוועק
דער זייגער, סאיז אַוועק די באַליע, און ווען סאיז אויך אַוועק
דעם טאַטנס גראַנאַטענער פּלאַשטש, האָב איך אינגאַנצן פאַרלוירן
דעם גלויבן אין די זאַכן, וואָס זענען „איינמאָל אויפן גאַנצן לעבן".
איבערהויפּט נאָך די דערפאַרונג, וואָס איך האָב נישט לאַנג
צוריק געהאַט מיטן פּרעס-אייזן.

מיר זענען איצט אַרומגעגאַנגען איבער די ליידיקע שטוב,
אַזוי ווי איבער אַ קירכע. און פעלעק, צונויפלייגנדיק די הענט
ביים מויל האָט געהילכט, כּדי אַרויסצורופן אַ ווידער-קול. דאָך
פלעגט דער דאָקטאָר קומען צו דער מאַמען, און איך פלעג אויך
לויפן אין אַפּטייק אַריין. דער אייזערנער טאָפּ איז נאָך אויך גע־
ווען, נאָר מיר האָבן זעלטן-ווען געקאָכט מיטאָג; מהאָט אָפּגעקאָכט
קאַרטאָפל אויף אינדערפרי, איז שוין אויך אויף ביינאַכט געווען,
און אינמיטן טאָג האָבן מיר זיך געיאָגט נאָכן ווירטס קעץ, ווייל
זיי האָבן מוראדיק געליאַרמט אויף די דעכער.

איינמאָל האָט זיך דער טאַטע אַוועקגעזעצט נעבן קאַסטן,
האָט אים געעפנט און האָט לאַנג געקלערט איבער אים.

און געווען איז יענעם טאָג אין דרויסן אַ גרויסע נעץ, פון
די דעכער האָט געגאָסן, די שפּערלען האָבן זיך געריסן, און די
זון האָט דאָס ערשטע מאָל דעם ווינטער אַריינגעקוקט אין אונזער
קעלער. נאָר דער מאַמען איז ווידער געוואָרן ערגער. אַ גאַנצע
באַכט האָט איר דער הוסט געמוטשעט, און צו טרינקען האָט זי זיך
געהייסן געבן מער ווי פינף מאל. קיין רעצעפּט איז נישט גע־

וועג. פּעלעק האָט זיך געשטעלט אויף די שפּיץ־פינגער און האָט דעם טאַטן אַריבערגעקוקט איבערן אַקסל. ער האָט געמיינט, אַז ער וועט זען, גאָט ווייס וואָס, און דערווייל גאָרנישט. דער טאַטע האָט נאָר געשאָקלט מיטן קאָפּ, האָט געצופּט די וואָנסעס און האָט שווייגנדיק געקוקט אויף דעם רויטן פעקל, וואָס איז געלעגן אויף דעם דנאָ פון קאַסטן. ענדלעך האָט ער אויסגעצויגן די האַנט דערצו, האָט אַרויסגענומען די האַרמאָנקע און אַוועקזעצנדיק זיך אויף דער מאַמעס בעט, האָט ער אָנגעהויבן שפּילן.

די מאַמע האָט אַביסל אויפגעלעבט, האָט זיך געהייסן דערלאַנגען פּיאָטרושן אין בעט אַריין. און אויך מיר האָבן זיך אַוועקגעשטעלט נעבן בעט און צוגעהערט.

תּחלת האָט דער טאַטע געשפּילט פריילעך און בעתן שפּילן האָט ער אַזוי געזאָגט צו דער מאַמען:

— געדענקסט, אַנולקאַ, ביעלאַן? געדענקסט, ווי מיר האָבן עס זיך באַקענט? ווי איך האָב דיר דאָס צוגעשפּילט גייענדיק?

— כגעדענק, האַרץ מיינס — האָט שטיל געזאָגט די מאַמע.

— צי דאָס, געדענקסט?... דאָס איז געווען אום די „דריי הייליקע” ביים עולה רגל זיין אויפן שילעך...

— כגעדענק — האָט די מאַמע געשעפּטשעט.

— אַ כוואַט! — האָט פּעלעק צו מיר אַ ברום געטון, שטורכנדיק מיך אונטער דער זייט.

— האָסט דאַמאָלס געטראָגן דאָס ראָזע קלייד אין פּאַסן און איך האָב זיך דערנאָך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען אָן דיר עפּעס אַ דריי טעג–האָט געזאָגט דער טאַטע מיט אַ ווייך קול.–און דאָס, אַנולקאַ?...

— דאָס געדענק איך נישט...

— ווי אַזוי געדענקסטו נישט?... דאָס איז דאָך געווען אויף וואָליע, ווען מיר זענען דאָרט אַהין מיטן שוואָגער, ווען איך האָב געוואָרפן אַ קופּעל יענעם דייטש, דערפאַר וואָס ער האָט זיך צו דיר צוגעזעצט...

— אַ, אמת! — האָט די מאַמע געשעפּטשעט.

דער טאַטע האָט ווייטער געשפּילט. די האַרמאָנקע האָט

ער געהאַלטן אויף די קני, האָט זי אויסגעצויגן און אַ־ײנגערוקט און איבער די קלאַפּערלעך לייכט באַוועגט מיט די פינגער.

ווי לאַנג איך לעב, האָב איך נישט געהערט קיין שע־נערע מוזיק.

— אַנולקאַ!־און דאָס?.. ווי־זשע?...

— כ'געדענק, פּיליפּל! — האָט געזאָגט די מאַמע – דאָס איז געווען דעם זונטאָג, ווען דו האָסט געלאָזט אָנזאָגן אונזער חתונה. אין טשערניאַקאָוו זענען מיר געווען מיט דער מאַמען עליה השלום...

— שפּעט אין דער נאַכט האָבן מיר זיך צוריקגעקערט—האָט צוגעגעבן דער טאַטע.—מיר האָבן געשפּילט אין „גרינס"...

— און ווי דער בעז האָט דאַמאָלס געשמעקט... און ווי די נאַכטיגאַלן האָבן געזונגען...

— און ווי שיין דו ביזט דאַמאָלס געווען... אָט אַזוי ווי די רויז, ווען זי בליט...

פּעלעק האָט מיר אַ שטורך־געטון אין די זשעבערעס.

— און ווי דו האָסט דאַמאָלס געשפּילט, האַרץ... ווי דו האָסט געשפּילט...

זי האָט געשמייכלט, געזיפּצט, האָט אויסגעוויזן איינצושלאָפן.

דער טאַטע האָט אויך איצט שיין געשפּילט. תּחלת פריי־לעך, הייטער, אַזוי ווי צום טאַנצן, אפילו די פיס האָבן אונז אונטערגעשפּילט. דערנאָך אָבער, אַזוי ווי עס וואָלט זיך צו דער דאָזיקער פריילעכקייט עפּעס וואָס צוגעמישט, האָט ער גענומען שפּילן וואָס אַמאָל טרויעריקער, וואָס אַמאָל טרויעריקער, ענלעך צו אַ געוויין, אַז אפילו פּעלעק האָט זיך מיט דער פויסט צוויי מאָל אויסגעווישט די אויגן. פּלוצלינג האָט דער טאַטע אויסגע־צויגן די האַרמאָנקע מיט איינמאָל פוןביידע זייטן און ער האָט אַרויסגעבראַכט פון איר אַזאַ טרויעריקן קלאַנג, אַזוי ווי דער קלאַנג פון אָרגאַנען, ווען מען באַשפּילט אַ טויטן.

די מאַמע איז געשלאָפן. עס פלעגט איר איצט אָפט אָנ־כאַפּן אַזאַ שטאַרקער שלאָף, אַזוי ווי סוואָלט איר ווער פלוצלינג די אויגן באַשיט מיט מאָן. און אויפגעכאַפּט האָט זי זיך שפּע־טער אַן אָפּגעשוואַכטע, אַ בלייכע, מיט אַ קאַלטן שווייס אויפן

אויסגעדאַרטן פּנים.

דער טאַטע איז נאָך געזעסן אַביסל מיט אַן אַראָפּגעהאָנגע־נעם קאָפּ, געזעסן אַביסל, דערנאָך איז ער, אָפּזיפּצנדיק, אויפגע־שטאַנען, האָט איינגעוויקלט די האַרמאָנקע אין יענעם שוואַרצן טיכל, אַרונטערגענומען זי אונטערן אָרעם, און אַראָפּרוקנדיק דאָס היטל, איז ער אַרויסגעגאַנגען אויף די שפּיץ-פינגער.

ווען מיר זענען געלעגן אַלע דריי אויפן שעניק אונטער דער מאַמעס פּאַטשיילע, האָט מיר פּעלעק אַ שטויס-געטון אין דער זייט און שטיל געזאָגט:

— וויצעק!

— נו, וואָס?

— ווייסט?... דער אַלטער האָט געוויינט ביים שפּילן!...

— ע—ע—ע?...

— ווי כהאָב אַ גאָט אין הימעל!—האָט זיך פּעלעק געשוואוי־רן, אַ זעץ-טוענדיק זיך מיט דער פויסט איבער דער ברוסט, אַזש סהאָט דאָרט עפּעס אַ קרעכץ-געטון—איך בין דאָך נישט בלינד כהאָב געזען... נאָר די טרערן זענען אים איבער די וואָנסעס אַריבערגערינען...

— און וואָס מיינסטו?—האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום צוגע־געבן—אַז אַ מענטש דערמאָנט זיך אַזוי אַלץ איינס נאָכן אַנדערן...

ער האָט שווער אַ זיפּץ-געטון, איז אונטער געלעגן אַ ווײַ־לע שטיל אזן האָט זיך אויסגעדרייט אויף אַ זייט צום אויוון; אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך שוין געהערט זיין כראָפּען. דער טאַטע איז יענעם אָוונט אַהיימגעקומען שפּעט. נאָר ער האָט געבראַכט דער מאַמען אַ רעצעפּט, האָט צוברענגט אַ פייער און געמאַכט טיי. דידאָזיקע נאַכט האָב איך לאַנג נישט געקאָנט איינשלאָפן, און אין קאָפּ האָט מיר בסדר עפּעס געשפּילט, דאָ טרויעריק, דאָ פריילעך. עס האָט זיך מיר אויך געחלומט פאַרשידענע זאַכן ביזן ווייסן טאָג אַריין. אָט, אַז אין שטוב איז אַ גאָרטן און, אַז בעז בליט אויפן אויוון; אָט, אַז אין פּאָדער-הויז זינגען נאַכטיגאַלן און אָט, אַז אויף דער וואַנט, דאָרט וואו סאיז אַמאָל געהאָנגען דער זייגער, שטייט איצט אַ פולע זילבערנע לבנה...

ווען איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, איז שוין פּעלק געשטאַנען אויפן שעניק און פאַרשנאָלט דעם פּאַסיק אויף די לאַנגע הויזענעס. דורך דעם אָפענעם, שטאַרק פאַרלאַטעטן העמד האָבן אים אַרויס-געשטאַרצט די אויסגעדאַרטע זשעבערעס, פון קאָלנער האָט זיך אַרויסגעבויגן אַ דינער האַלז, אַזוי ווי ביי אַ שפּערל און די אומ-געווענלעך דאַרע פיס האָבן אים געמאַכט אַ סך העכער, ווי ער איז אין דער אמתן געווען.

— פּעלעק! — האָב איך אַ זאָג-געטון.—וואָס ביזטו עפּעס אַזוי ווי אַ שטעקן אויסגעוואַקסן אין דעם חודש?

—נאַר!—האָט זיך פּעלעק צולאַכט—איך ציי מיך נאָר אַזוי אויס, כדי דער בויך זאָל זיין קלענער.

ער האָט זיך אויסגעצויגן פאַר מיר אַזוי ווי אַ סטרונע.

—נו, וואָס?—האָט ער זיך געפרעגט.

—אָט זעסטו אויס, ווי אַ מאַרינירטער הערינג.

—איז גוט!—האָט פּעלעק אויסגערופן—איך שנייד זיך אויף אַ פּאַיאַץ.

און אַז איך האָב געלאַכט, האָט ער געזאָגט:

—נו, וואָס? אַ שלעכט פאַרדינסט מיינסטו?

און אַ זעץ-טוענדיק זיך מיט די הענט איבער די פיס, האָט ער אַ שפּרונג-געטון אין דערהייך, געמאַכט אַ קאָזשעליק אין דער לופטן, און דערנאָך אויף אַלע פיר שטיל געפאַלן, ווי אַ קאַץ.

— ווייסט? — האָט ער געזאָגט — דאָס בין איך צוליב דעם „פענדרעק" אַזוי אויסגעצויגן געוואָרן, — און ער האָט מיטן קאָפּ אָנגעוויזן אויף פּיאָטרושן, וואָס פלעגט זיך שטענדיק אַמפּריסטן אויפכאַפּן און צוגיין צום טאָפּ זוכן, צי עס איז נישט אַמאָל דאָרט עפּעס געבליבן פון נעכטן.

— ווען מיר גייען אין דער אָכראָנקע אַריין — האָט פּע-לעק ווייטער געזאָגט — ברומט ער נאָר איבערן גאַנצן וועג, אַז ער איז הונגעריק. מוז איך אים אַלע טאָג אַוועקגעבן אַ העלפט פון מיין ברויט, אַבי ער זאָל זיין שטיל.

— ע-ע-ע! — האָב איך מיר נישט צוגעגלויבט, פילנדיק, אַז איך וואָלט נישט געקאָנט באַווייזן אַזאַ העלדישקייט.

— ווי כּהאָב אַ גאָט אין הימל! — האָט פּעלעק גלייך זיך געשוואוירן, אַ זעץ טוענדיק זיך מיט דער פּויסט איבער דער ברוסט. וואָס איז געווען, טרוקן אַזוי ווי אַ שייט האָלץ.

און קוקנדיק אויף פּיאָטרושן, וואָס האָט זיך געוואַקלט איבער דער שטוב אויף די קורצע, אויסגעקרוממטע פיס מיטן גרויסן, אָנגעבלאָזענעם בויך פון די קאַרטאָפל, האָבן מיר ביידע אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ שרעקלעך געלעכטער, נישט צום אָפּהאַלטן.

— וואָס לאַכט איר עס דאָרט אַזוי, קינדער? — האָט די מאַמע געפרעגט מיט אַ שוואַך קול.

— פון פּיאָטרושן — האָט פּעלעק געענטפערט — וואָס ער איז אַזאַ גראָבער...

— וואו איז ער דאָרט גראָב, אָרים שוועלבעלע! פון וואָס זאָל ער זיין גראָב! — האָט געזאָגט די מאַמע.—פּיאָטרוש — האָט האָט זי צוגעגעבן — וועסט גיין צו דער מאַמען, יתומל,

און זי האָט געשמייכלט צו אים, גלעטנדיק אים איבערן קאָפּ, אין דער צייט ווען מיר ביידע האָבן זיך געשטיקט פאַר געלעכטער פון דער דאָזיקער „העצע" — ווי פּעלעק האָט געזאָגט.

אונזער פריילעכקייט איז אָבער באַלד דערנאָך פאַרטונקלט געוואָרן.

— ווייסט וואָס, אַנולקאַ? —האָט יענעם טאָג אַ זאָג-געטון דער טאַטע, זעצנדיק זיך אויף דער מאַמעס בעט. — איך מיין, אַז מוועט מוזן די קליאַטשע פאַרקויפן.

— די קליאַטשע?... — האָט די מאַמע אויסגערופן, און האָט זיך אַזש אויפן בעט אויפגעהויבן.—ווי האָסטו פאַר גאָט קיין מורא נישט, פיליפּ! סטייטש, זי דערנערט דאָך אונז אַלע!...

דער טאַטע האָט זיך שווער אָנגעשפּאַרט אויף דער האַנט און האָט שווייגנדיק געצופּט די וואָנסעס.

— זי דערנערט און דערנערט אויך נישט! — האָט ער זיך אין אַ ווײַלע אַרום אָנגערופן. — מיטן „קאַציערז"*) אויפן טייך

*) „קאַרציערז"—אַ נעץ פון אייזערנעם דראָט אויף אַ לאַנגן דראָנג, וואָס ווערט באַנוצט ביים אַרויסציען די קיזל-שטיינדלעך.

איז זיך אונמעגלעך צו באַווייזן, דאָס וואָסער רייסט אַזוי — אַ שרעק! ביי די ריזל־שטיינדלעך, איז נישטאָ קיין שום אַרבעס, זאַמד גייט אויך עפּעס שלעכט אָפּ, אַ מענש וואָלט עס אויף די פּלייצעס געקאָנט טראָגן, און דאָ קויף יעדן טאָג סעטשקע און אויך קליינע כאָטש אַ הייפל, ווייל קיין האָבער זעט זי נישט פאַר די אויגן; איצט אַן אָרט, איצט אונטערבעטעכץ, און אַלץ איז טייער.

די מאַמע האָט נאָר געקרעכצט.

מיר זענען פאַרשטאַרט געוואָרן, דאָס הערנדיק, פּיאָטרוש האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן אויפן טאַטן און געעפנט דאָס מויל; איך בין געשטאַנען, אַזוי ווי אַ פאַרשטיינערטער.

ערשט פּעלעק האָט מיר דערלאַנגט אַזאַ בענץ אין דער זייט אַריין, אַז סאיז מיר אַזש פינסטער געוואָרן פאַר די אויגן.

— הערסט, וויצעק! — האָט ער מיר אַ געשריי געטון אין סאַמע אויער אריין.

— איך בין דאָך נישט טויב — האָב איך אים נאָך העכער אַ הילך געטון אין אויער אַריין. און באַלד זענען מיר אַרויסגעלאָפן אין הויז אַריין, ווייל סהאָט אונז אָנגעכאַפּט אַזאַ צער — נאָר צו רייסן זיך ביי די קעפּ.

די קליאַטשע האָבן מיר אומגעווענלעך ליב געהאַט. ווי לאַנג איך געדענק, איז שטענדיק געווען דער טאַטע, די מאַמע און די קליאַטשע. פּעלעקן האָבן ערשט דערנאָך באַטשאַנעס געבראַכט, פּיאָטרושן דעסגלייכן; די קליאַטשע אָבער האָט געהערט צו דער דאָזיקער ריי באַשעפעניש, וואָס זענען שטענדיק. זיי זענען דאָ, ווייל זיי זענען דאָ, איך האָב זיך פּשוט נישט געקאָנט פאָרשטעלן נישט איר אָנפאַנג, נישט איר סוף. די קליאַטשע האָט געהערט צו אונז און מיר — צו איר. נישט מיר האָבן זיך געקאָנט אָפּשיידן פון איר און נישט זי—פון אונז. דאָס איז געווען אַזוי נאַטירליך, אַז אַנדערש האָב איך מיר גאָר נישט געקאָנט פאָרשטעלן. ווער עס וואָלט זאָרט געפעלט אין אונזער משפּחהלע, וואָלט געפעלט, אָבער קיינמאָל נישט די קליאַטשע. אונזער גאַנץ פאַרגעניגן איז זי דאָך געווען.

ווען דער טאַטע האָט זיך אומגעקערט אַ היים פון טייך,

זענען מיר אַרויסגעלאָפֿן—וואוהין! אַזש אויף האַלבן וועג אַרויס, כּדי וואָס גיכער צו זען דער קליאַטשע. וואָס מיר האָבן נאָר געהאַט, האָט מען איר אונטערגעטראָגן און אַריינגעפּאַקט איר אין מויל אַריין: אַ שטיקל ברויט, אַ קאַרטאָפֿל, אַ שאָל פֿון אַ ציטרין, וואָס מיר האָבן געפֿונען אויפֿן הויף.

אָבער אויך די קליאַטשע האָט אונז שטאַרק ליב געהאַט. שוין פֿון דערווייטן פֿלעגט זי הירזשען צו אונז און צו־איילן זיך מאַכנדיק פֿרייליכע מיט די אויערן. און ווען מיר האָבן איר געקלאַפּט איבערן האַלז, איבער די זייטן, האָט זי זער גוט פֿאַרשטאַנען דידאָזיקע צערטלעכקייט און, אַראָפּהענגענדיק איר שווערן קאָפּ, האָט זי אונז געצופּט איבער די האָר, איבער די קורטקעס. פּיאָטרוש איז גאָר געווען איר ליבלינג; זי האָט פּשוט געהירזשעט אויפֿן טאַטן, אַז ער זאָל אים מיטנעמען מיט זיך.

אַז דער טאַטע האָט זי אויסגעשפּאַנט, האָט זיך ערשט געמאַכט אַ לעבן. פֿעלעק איז גלייך אַרויפֿגעשפּרונגען אויף איר ביינערדיקן רוקן, וואָס איז געווען אָפּגעריבן פֿון די אַלטע האָלאָבלעס. און אין דער צייט ווען די קליאַטשע האָט איינגענורעט איר דיזיקן קאָפּ אין דעם זעקל מיט דאַרע סעטשקע, וואָס איז איר אָנגעבונדן געווען ביים קאַרק, האָט ער, צוקניענדיק אויף איין קני, אָדער שטעלנדיק זיך אויף איין פֿוס, געפּײַטשט מיטן היטל און געשריגן:

— אָט דאָס איז דער באַרימטער רייטער פֿון קעלער, וואָס ווערט ביי זיך קיינמאָל נישט שמעלער. ער הייסט פֿעלעק מאָסטאָוויאַק, פֿון הערב—„גנאַט"! (גרויסער ביין) ער איז אַ דאַרער, נאָר אַ כוואַט! וועט גיט מער?...

ביי דעם וואָרט „וועט גיט מער" — האָבן מיר אַרויסגעהילכט מיט אַזאַ שרעקלעכן ליאַרם, אַז מענטשן זענען אַזש אַרויסגעלאָפֿן פֿון די הייזער.

נאָך פֿעלעקן האָט זיך פּיאָטרוש גענומען דראַפּן אויף דער קליאַטשע און ביי האָבן אים קיים געקאָנט אַרויפֿזעצן, אַזוי האָט אים אַראָפּגעשווערט דער אויפֿגעבלאָזענער בויך. די קליאַטשע מיט פּיאָטרושן האָבן מיר אַרומגעפֿירט מיט טריטן איבערן הויף, נישט

לאָזנדיק איר רויִק באַקומען דאָס ביסל סעטשקע, און פּעלעק האָט ווידער געפּאָכעט מיטן היטל און געליאַרמט:

— און דאָס איז פּיאָטרוש פון הערב שטשורעמעכער, ער האָט צוויי לאַטעס און אַכט לעכער! קיין צוויי ציין נישט פון פאָרנט, מיט דער צינג קייט ער, און אויף די קליאַטשע רייט ער... ווער גיט מער?..

וואו ער האָט דאָ עפּעס צוגעטשעפּעט דעם „ווער גיט מער”, האָב איך קיינמאָל נישט געקאָנט וויסן; פּעלעק אַליין האָט געהאַלטן, אַז דאָס פּאַסט זיך שוין אַזוי איינס צום אַנדערן. און ווידער האָבן מיר אַרויסגעזעצט מיט אַ מוראדיקן ליאַרם, ווי מיר וואָלטן נישט דריי געווען, נאָר אַ שטיק דרייסיק.

— קוקט זיך נאָר צו, מענטשן מיינע—האָט געזאָגט די גראָבע קרעמערקע אין דער טיר שטייענדיק—וואָס דידאָזיקע ווילדע יינגלעך, די מאָסטאָוויאַקעס, אַרבעטן עס אַרום מיט דער קאָבעלע. זי איז דאָך אַ ריינע מאַלפע פון אַ „מעראַנזשעריע”.

און זי האָט זיך געכאַפּט פאַר די זייטן. טרייסלענדיק זיך פאַר געלעכטער, אַזש די אויגן זענען איר אינגאַנצן פאַרשוואונדן אין פעטן פנים אַריין.

— מיט דער בייטש דערלאַנגט! מיט דער בייטש! – האָט זי געקוואָקעט צום טאַטן, אָדער: „כוועל זאָגן די מאַמען” אָדער: „כוועל זאָגן דער קליאַטשע”. דידאָזיקע סטראַשונקעס האָבן מיר גאָרנישט גערינגעשעצט; און גאַנץ אָפּט האָט פּיאָטרוש געקריגן אונטערגערוקט עפּעס אין מויל אַריין, בעזונדרס פון נעלעקן, אַבי ער זאָל נאָר נישט „דערציילן דער קליאַטשע”. ווייל מיר האָבן נישט געקאָנט פאַרטראָגן, ווען זי האָט געקוקט אויף אונז אַזוי טרויעריק מיט דעם איינעם אויג אירס, און דער צייט ווען איבער דעם צווייטן אויג, דעם בלינדן און ווייסליכן, פלעגט די גרויע ברעם זיך אויפהייבן און אַרונטערלאָזן זיך פאַמעליך, אַזוי ווי מיט פאָרוואורף...

— הער, נויצעק – פלעגט פּעליעק זאָגן — וואָס האָט די קליאַטשע עפּעס אינם בלינדן אויג, וואָס ענבערט אַזוי?..
איך וואָלט פאַר ליבער געוואונען, אַז דער טאַטע זאָל מיר דער-

לאַנגען מיטן פּאַסיק, ווי אַז זי קוקט אַזוי. דאָס רירט דיך אָן ביים סאַמע „האָנאָר"...

די קליאַטשע האָבן מיר גערייניגט יעדן טאָג. נאָר קיינמאָל איז ניט אַ דורך אָן געשלעגן איבער דער באַרשט און אייזער־נעם קאַם. ווי מיר האָבן עס איר דאַן די פעל געריסן! די גזשיווע פּערפּלאָנטערט! דאָך איז די קליאַטשע געשטאַנען געדולדיק, פאַרמרוזשנדיק דאָס געזונטע אויג און נאָר פון צייט צו צייט, האָט זי געדרייט מיטן אויסגעקראָכענעם ווײדל, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט אָפּיאָגן פון די קונדייסים.

באַלד נאָך ווײנאַכטן האָט זיך אָנגעהויבן דאָס באָדן דער קליאַטשע. דאָס וואַסער איז נאָך געווען קאַלט, אַזוי ווי אייז. נאָר מיר פאַרשאַרצן שוין די הויזן און—אַראָפּ צום טייך. וואָס פאַר אַ טריומף־מאַרש דאָס איז געווען! די יינגלעך פון דער גאַנצער גאַס האָבן געוואָלט מיטלויפן מיט אונז, נאָר מיר האָבן זיי פּערטריבן מיט דער בייטש.

ערשט דאָס פּלוסקן מיט וואַסער אויף דער קליאַטשע, ערשט דאָס אויסרייבן איר די לידקעס און די זייטן, ערשט דאָס צו־פּייפן איר, אַזוי ווי דער טאַטע פלעגט טון. די ערגסטע צרה איז געווען, ווען די קליאַטשע, כדי צו בעפרייען זיך פון אונז און אונזער אַפּיטרופּסות אויף איר, איז אַוועק עטליכע טריט ווייטער אין וואַסער.

— זי וועט דערטרינקען ווערן! דערטרינקען ווערן!—האָט פּיאָטרוש געליאַרמט און איז אַזש בלוי געוואָרן און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דרערד, האַלטנדיק זיך מיטביידע הענט ביים בויך. מיר זענען דאַן געקראָכן נאָך איר אינם וואַסער און געצויגן זי ביים ווײדל צום ברעג צו, דערנאָך האָבן מיר זיך מידע, אָן אָטעם געלאָזט אַהיים, די קליאַטשע פאָרויס, מיר – הינטער איר, נאַסע, אָנגעגאָסענע מיט וואַסער, אַזוי ווי מיר וואָלטן זיך גע־טרענקט.

און אָט דידאָזיקע קליאַטשע אונזערע האָט דער טאַטע גע־זאָלט פאַרקויפן!

דאָס איז געווען לויט אונזער בעגריף עפּעס, ווי דער סוף פון דער גאַנצער וועלט.

אַרויסלויפנדיק אין הויז אַריין, האָב איך פעלעקן גלייך אַ פלאַם-געטון איבערן אויער, ער מיר צוריק-אין קאַרק. איך ווידער גאָר נישט אויף קיין שפּאַס — אַ זעץ אים איבער די פּלייצעס און ער מיר—מיט דער פויסט אין דער זייט, אַזש טרערן האָבן מיר זיך געשטעלט אין די אויגן. און דאָ האָבן מיר זיך אָנגעכאַפּט ביי די טשופּרינעס און צונויפגעדרייטע ווי אַ קנויל, האָבן מיר זיך ביידע איבערגעקאָלערט צו דער שוועל. און אַזוי שטאַרק איז געווען אונזער צער און פון אים — אונזער האַרטקייט, אַז קיינער האָט די פּאַרע פון מויל נישט אַרויסגעלאָזט, קיין פּישטש נישט געטון אַפילו.

נאָך דידאָזיקע „רייסעניש", איז אונז טאַקי אַביסל לייכטער געוואָרן אויף האַרצן.

מיר זענען צוריק אַריין אין שטוב, ווייל פון הויף האָט געיאָגט אַ שטאַרקע קעלט, און דער טאַטע האָט אַלץ נאָך אויסגערעדט דער מאַמען:

— איצטער וועל איך נאָך נעמען פאַר איר אַ שטיקל מטבע און אַז זי וועט אָפּגעדאַרט ווערן, ווייל באַלד וועל איך אויך דאָס ביסל סעטשקע איר מוזן קאַרגן, [illegible] וואָס וועט מען דאַמאָלס געבן פאַר איר? וואָס, אַנולקאַ! ווי קלערסטו, האַרץ?

די מאַמע האָט שווער אַ זיפץ-געטון.

— וואָס האָב איך צו קלערן, פיליפ מיינער?.. איך קלער, אַז גאָט האָט אונז שווער געשטראָפט מיט דידאָזיקע קרענק. כ'קלער, אַז איך הענג דיר ווי אַ שטיין אויפן האַלז און, אַז כ'וועל דיך צום גרונט ברענגען... וועגן דידאָזיקע יתומים קלער איך...

זי האָט מיט דער האַנט פאַרדעקט די אויגן און האָט זיך הויך צוכליפּעט. דער טאַטע האָט איר געקושט איבערן קאָפּ.

— אַנולקאַ!... האַרץ!... — האָט ער איבערגעחזרט, אַזש פּלוצלינג האָט ער אַליין אַרויסגעזעצט מיט אַ געוויין.

— ברענען זאָל עס!... — האָט אַ ברום-געטון הינטער מיר פעלעק, אויסווישנדיק זיך די אויגן מיט דער פויסט.

עטלעכע טעג זענען אַדורך, און וועגן פאַרקויפן די קליאַטשע האָט מען עפּעס נישט געשמועסט.

די מאַמע האָט זיך געפֿילט וואָס אַמאָל ערגער. איר שווערער, כּריפּענדיקער הוסט האָט אונדז געוועקט ביינאַכט פֿונם האַרטן קינ־דערישן שלאָף. גאַנץ אָפֿט איז זי איינגעשלאָפֿן ערשט אין דערפֿרי, און כּאָטש סהאָט זיך פּלוצלינג געמאַכט וואַרים אין דרויסן, דאָך האָט זי זיך מינוטענווייז געטרייסלט אין פֿיבער, אַזש די ציין האָבן געקלונגען. דער טאַטע איז אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב איינגעהויקערט, געל, ווי ער וואָלט מיט אַ צען יאָר עלטער גע־וואָרן. אַ האַנט האָט ער איבער אונדז געהאַט אַ האַרטע און צוליב אַ ליאַדע־וואָס, האָט ער אונדז ביי די טשופּרינעס אָנגעכאַפּט. נאָר מיר האָבן ווייניק־וואָס זיך געפֿונען אין שטוב, פֿאַרברענגנדיק דעם גרעסטן טייל פֿון טאָג אינם שטעלכל.

פֿון יענער צייט אָן, ווען סהאָט אונדז גענומען דראָהען די סכּנה צו פֿערלירן די קליאַטשע, איז זי אונדז געוואָרן טאָפּלט טייער. עס האָט אונדז ביז טרערן איצט גערירט יעדער פּירסקע אירער, יע־דער ריר מיטן וויידל.

— אוי... ווײַ! — האָט אויסגערופֿן פּיאָטרוש, איינקוקנדיק זיך אין איר מיט התפּעלות, ווי זי האָט איינגעגראָבן אין דער קאָרעטע איר גרויסן קאָפּ און אויפֿהייבנדיק אים, האָט זי געקייט די בלויזע סעטשקע, פֿאַרמרוזשנדיק דאָס געזונטע אויג.

— אָ... זי טרינקט! — האָט ער אויסגערופֿן, אַז זי האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין אַלטן קובעליקל, וואָס מיר האָבן איר אַליין צוגעטראָגן, כּדי אַ זויף צו טון וואַסער דערפֿון.

איך און פּעלעק פֿלעגן זיצן פֿוןביידע זייטן קאָרעטע און־וואַרפֿנדיק מיט די פֿיס, האָבן מיר זיך גאַנצע שעהן צוגעקוקט צו יעדע באַוועגונג אירע.

די קאַרטאָפֿל אַפֿילו, וואָס מיר האָבן איצט שוין יעדן טאָג געהאַט אָן שמעלצעכץ, האָבן מיר דאָ אַהער געבראַכט צוטראָגן, כּדי מיטאָג צו עסן צוזאַמען מיט דער קליאַטשע, כאָטש עס איז נישט בעוועזן, וואָס זיך מיט איר צוטיילן, ווייל אונדז אַליין האָט מען וואָס אַמאָל אַלץ קנאַפּערע פּאָרציעס געגעבן.

עס איז אויך פֿרייליכער געווען אינם שטעלכעל, ווי אין שטוב, ווייל דאָ האָט אונדז די זון געשיינט אין סאַמע מויל אַריין דורך־

דער בּרייט-געעפּנטער טיר און אין אונזער קעלער, אַזוי לאַנג ווי דאָס יאָר איז, האָט זי קיינמאָל נישט אַריינגעקוקט.

— אָבּער דאָ איז דאָך קאַלט בּיי אייך—האָט געזאָגט דער דאָקטאָר, צוגייענדיק צו דער מאַמען, — און אַ שרעקליכע פייכטקייט! איר דאַרפט זיך בּעמיען וועגן אַ טרוקענע און וואַרימע שטוב פאַר דער פרוי אייערע, — האָט ער צוגעגעבן, ווען דער טאַטע האָט אים בּאַגלייט אין הויז אַריין — אייער פרוי קאָן נישט ליגן אין אַזאַ שטוב. אַ שרעקליכע לופט, אַן אומריינע, קיין שום ווענטילאַציע, קיין שום ליכט. איר דאַרפט דאָך זאָרגן נאַ דער פרוי, אַז זי איז קראַנק. עס ווערט איר וואָס אַמאָל ערגער און עס מוז ווערן ערגער אין אַזעלכע בּאַדינגונגען.

דער טאַטע האָט געגעבּן די וואָנסעס און געשוויגן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

— מילך האָלט זי געדאַרפט פרישע, פלייש, טיילמאָל אַ גלעזעלע וויין... דאָ וועלן קיין רעצעפּטן גאָרנישט העלפן, דאָ דאַרף מען פירן אַ נאַרהאַפטיקע דיעטע. . .

ער איז שוין געהאַט אַוועק און כהאָב געזען, ווי ער האָט זיך פאַרנומען אין דער צווייטער גאַס אַריין, און דער טאַטע איז נאָך אַלץ געשטאַנען אין הויז, געקוקט אויף דרערד און געגעבּן די וואָנסעס.

נאָר פלוצלינג אַ כאַפּ־טוענדיק זיך, האָט ער אַ ריס-געטון דאָס העמד פון פאָרנט, צוריסן דאָס הייליקע זעקעלע, וואָס ער האָט געטראָגן אויפן האַרץ און אַרויסנעמענדיק דערפון אַ זילבּערנע מטבע מיטן בּילד פון דער „הייליקער מוטער”, האָט ער מיך געשיקט נאָך קוילן און מילך, אָנזאָגנדיק מיר, אַז איך זאָל נישט זאָגן דער מאַמען, וואָס און ווען.

צומאָרגנס אין מיטן טאָג, האָבּן מיר זיך גענומען גראָד מאַכן אַ פאָרשטעלונג און שוין האָט זיך פעלעק געדראַפּעט אויף דער קליאַטשע אַרויף, אַז דער טאַטע איז פלוצלינג אַריין אינם שטעלכל און הינטער אים —דער הער לוקאַש סמאָליק, אונזער פיאָטרושס טויף-פאָטער; אַ פראַגער דראָשקאַזש. עס האָט מיר גלייך עפּעס אַ שטאָך געטון אין האַרצן. האָב איך פעלעקן דער

לאַנגט אַ שטורך און ביידע זענען מיר שטיין געבליבן, ווי פּחדנים.

דער הער לוקאַש, אַריבערטרעטנדיק די שוועל, האָט אַוועק־געשטעלט די בייטש אין אַ ווינקל, אָפּגעווישט זיך די גרויסע ביינערדיקע נאָז מיט דער פּאָלע פון דער בלויער קאַפּאָטע און אויסציענדיק דעם דאַרן, לאַנגען האַלז, האָט ער פאַמעליך געגומען אַ שמעק טאַבאַק. אַ פּאַרשוין איז דאָס געווען שוין אַן אַלטער, אַ הויכער און גוט איינגעהויקערטער; אייגעלעך האָט ער געהאַט קליינע, שוואַרצע, עקבערדיקע, ברעמען — שטעכיקע און אַ דאַרע בעוואַקסענע גאָמבע. אונטער זיין ביינערדיקע נאָז, האָבן געשטאַרצט אַ פּאָר געלע, פאַרדרייטע וואָנסעס, וואָס ער האָט ביים טאַבאַק שמעקן באַוועגט, פונקט ווי אַ קרוליק. פון אונטער דעם גרויסן בלויען היטל האָבן אַפּערגעקוקט אַ פּאָר ברוין־בלויע אויערן, פּאַ־וואַקסן מיט ווייסע הערעלעך, דאָס רעכטע אויער—באַפּוצט מיט אַ זילבערן אוירינגל. צו אונז איז דער הער לוקאַש זעלטן ווען אריין, כאָטש ער האָט זיך גערעכנט פאַר אונזערס אַ שכן. די מאַמע האָט געזאָגט אויף אים, אַז ער איז אַ קניקער, אַז ער זיצט אויפן גראָשן; טיילמאָל ווידער האָט זי פּאָרויסגעזאָגט, אַז ער וועט אַלץ פערשרייבן פּיאָטרושן, ווייל ער איז געווען אַן אלמן אָן קינ־דער.

אין דער צייט ווען מיר האָבן, פאַרשטומענדיק פּלוצלינג, זיך צוגעקוקט אַזוי צום הער לוקאַש, איז דער טאַטע — אַזוי ווי ער וואָלט אונז גאָר נישט געזען — גלייך צוגעגאַנגען צו דער קאָריטע, האָט אָפּגעבינדן די קליאַטשע און האָט איר אַ פּאַטש געטון איבערן הינטערשטן טייל.

— אַ נו, אַלטע! — האָט ער אויסגערופן, אויסדרייענדיק זי מיטן קאָפּ צו דער ליכט. די קליאַטשע האָט פאַרמרוזשעט דאָס געזונטע אויג אירס און מיט דעם בלינדן, שטאַרק און ברייט־געעפנטן אויג האָט זיך געדאַכט, קוקט זי ערגעץ ווייט, ווייט.

דער הער לוקאַש, האַלטנדיק אַ שמעק־טאַבאַק פאַר דער נאָז, האָט אָנגעהויבן זיס צו שמייכלען און דרייענדיק מיטן קאָפּ, האָט ער געקוקט אויף דער קליאַטשע. דאָ פון דער לינקער און

דאָ פֿון דער רעכטער זייט.

— הע!.. הע!.. הע!.. אין וואָס ווילסטו, קומעלע, פֿאַרקויפֿן?.. די פֿעל, צי די ביינער?

דער טאַטע האָט טריב אַ קוק-געטון פֿון אונטערן אויג און גלייך האָבן זיך אים די וואָנסעס אויפֿגעהויבן. נאָר ער האָט בלויז אַראָפּגעשלונגען דאָס שפּייעכץ און געזאָגט:

— די פֿעל און ביינער, קום, וועלן פֿאַרדינען ביי אייך אויף פֿלייש. אַז מוועט איר נאָר אַ שמייכל-טון אַזוי מיט אַביסל האָבער, וועט זי ווערן קיילעכדיק, ווי אַ קלוסקע.

— זאָל זיין אַזוי, קומעלע!.. האָט זיך דער הער לוקאַש ווידער צולאַכט — אַ שמייכל-טון איר! אַ שמייכל-טון! האָבער איז אָבער איצט טייער, קומעלע. פֿינף גילדן אַ פֿערטעלע, קומעלע! און היי איז אויך טייער...

— טייער. — האָט דער טאַטע אַרויסגערעדט גלייכגילטיק. נאָר כּהאָב געזען, אַז די אויגן האָבן זיך אים אָנגעצונדן.

— רעם פֿוס! אַ נו!.. — האָט ער אויסגערופֿן, אַ זעץ טוענדיק דער קליאַטשע, וואָס איז אַריבערגעטרעטן איבער די שטריק. וואָס האָבן זיך איר נאָכגעשלעפּט.

— הע!.. הע!.. הע!.. — האָט זיך דער הער לוקאַש נאָך זיסער צולאַכט — און אַ שפּאַטל, זע איך, איז אויך דאָ..

— דאָ! — האָט דער טאַטע אָפּגעענטפֿערט קורץ און טרוקן. איך האָב פֿעלעקן אַ צי-געטון ביים אַרבל, אַז סאיז דאַכט זיך נישט קיין סכנות, אָבער ער האָט מיך נאָר אַ שטופּ-געטון מיטן עלנבויגן און מיט ברייט פֿאַנאַנדערגעעפֿנטע אויגן געקוקט דאָ אויפֿן טאַטן, דאָ אויף לוקאַשן.

— אוי - אוי - אוי... אַ הינטישער שפּאַט... — האָט גערעדט דערווייל דער הער לוקאַש, אויסציענדיק די בעוואַקסענע גאָמבע פֿונם געלן וואָלענעם טיכל — אוי-אוי-אוי... אַ שפּאַט! — און ער האָט גענומען צו-סמאָטשקען מיט די ליפּן.

— זי וועט שוין פֿון אים נישט אַרויס, ניין! — האָט ער צוגעגעבן, אַריינציענדיק אַ פּאָרציע טאַבאַק און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ.

דעם טאַטן האָבן זיך די וואָנסעס וואָס אַמאָל אַלץ העכער אויפגעהויבן, אַז ער האָט זיי אַזש מיט דער האַנט אַרונטערגעריסן.

— איך שלייער זי דאָך נישט איין דעם קום! — האָט ער געזאָגט, קוקנדיק אויף דרערד אַראָפּ — פֿאַר מיר איז זי אויך מיטן שפּאַט גוט. ווען נישט דעם ווייבס קרענק, וואָלט איך זיכער די קאָבילע נישט אָפּגעלאָזט. זי איז דאָך אונזער שפּייזערן...

דער הער לוקאַש איז אַנטשוידיגן געוואָרן און אַראָפּבייגנדיק זיך, האָט ער אָנגעשפּאַרט די הענט אויף די קניען און געקוקט דער קליאַטשע אויף די פּיס.

— שלעפּט אפשר די פּיס?... הע!... הע!... הע!... — האָט ער זיך פרעגנדיק צולאַכט.

— די פּיס! די דאָזיקע קאָבילע שלעפּט די פּיס! — האָט דער טאַטע אַ געשריי-געטון און איז שוין אינגאַנצן געשטאַנען אַ צופּלאַמטער. — גאָט זאָל מיך אַזוי שטראָפן, אויב זי שלעפּט די פּיס! בעוויַיז, קום... וואו שלעפּט זי?..

— נו... נו!...—האָט דער הער לוקאַש זיס אַ שמייכל געטון—איך פרעג זיך דאָך נאָר, ווייל ביים קויפן אַ פערד, איז פונקט ווי ביים חתונה-האָבן: וואָס דו וועסט נישט דערזען מיטן אויג, וועסטו באַצאָלן מיטן בייטל...

— איך בין נישט קיין דרייער! — האָט האַסטיק אַ זאָג געטון דער טאַטע, און די הענט האָבן זיך אים שוין גענומען הייבן — איך וויל קיינעם נישט באַשווינדלען. וואָס סאיז אמת, וועל איך זאָגן און וואָס נישט — נישט.

— אַ, וואָס איז זי?.. בלינד?.. — האָט דער הער לוקאַש, אויסגלייכנדיק זיך פּלוצלינג און פֿאַנאַנדערייסנדיק מיט די פינגער די אָפּגעשטאָרבענע ברעם פון דער קליאַטשע, פון דער-נאָנט איר אין אויג אַרייַנגעקוקט.

פּעלעק האָט זיך אַ באַוועג-געטון און איבערשטעלנדיק זיך פון איין פוס אויפן אַנדערן, האָט ער מיר אַ קניפּ-געטון אונטערן אָרעם אַזוי, אַז כהאָב שיער נישט קיין געשריי געטון.

— בלינד — האָט דער טאַטע געענטפערט מיט אַ מאָדנע רויִק קול, כאָטש די וואָנסעס האָבן זיך אים ווידער אויפגעשטעלט,

—אויפֿן לינקן אויג בלינד. אַזוי האָב איך זי שוין געקויפֿט און אַזוי איז זי. ביי מיר איז זי נישט בלינד געוואָרן.

— הע! הע! הע!.. — האָט זיך זיס צולאַכט דער הער לוקאַש און ווידער גענומען אַ פֿאָרציע טאַבאַק.

— זאָג־זשע אַזוי, קומעלע! בלינד!.. או־או־או! העסליך בלינד!.. ער האָט אָפּגעשאָקלט די פֿינגער און בעהאַלטן דאָס טאַבאַק־פושקעלע.

— וויבאַלד אַז זי איז בלינד — האָט ער געזאָגט, פֿאַרציִענדיק מיט דער נאָז — איז גאָר אַן אַנדער עסק, אַנדערע דיבורים...

איבערן טאַטענס פּנים איז אַ פּלאַם אַריבערגעלאָפֿן.

— וואָס פֿאַר אַן אַנדערע דיבורים דאַרף עס זיין?—האָט ער אַ זאָג געטון מיט אַביסל אַן אויפֿגעבראַכטע שטימע. — בלינד איז בלינד! דער קום וועט זי דאָך נישט לאָזן לערנען אין די ביכער, נישט שיקן אין „שקאָלע" אריין. און איך זאָג דעם קום, אַז אַ בלינדע קליאַטשע איז טיילמאָל בעסער פֿון אַ זעעוודיקער. דאָס איז אַקאָבילע—אַ גייערקע, אַז קיין בעסערע גייערקע, זאָל איך אַזוי לעבן, האָב איך שוין אַ סך יאָרן נישט געזען.

— אָבער! ווי דאָרט!.. — האָט זיס געלאַכט דער הער לוקאַש — דו רעדסט טאַקי זער פֿיין, קומעלע, אָבער צי ווילסטו מיר דען איינרעדן, אַז די בעסטע קליאַטשע איז אַ בלינדע?

— די בעסטע—נישט די בעסטע! און דאָס, אַז איך האָב קיין בעסערע גייערקע נישט געזען, האָב איך טאַקי נישט געזען. און וואָס שייך איינרעדן, הויבט זיך נישט אָן, איך בין דאָך אַ קריסט עפּעס, נישט קיין ייִד.

דער טאַטע האָט גערעדט פּאַמעליך, פּאַסנדיק זיך, נאָר דאָס קול האָט אים געזאָטן.

פּלוצלינג, ווי ער וואָלט אונז ערשט נאָר־וואָס דערזען, האָט ער אַ כאַפּ־געטון פֿעלעקן פֿאַרן קאַרק און אַ שטופּ־טוענדיק אים אין די טיר אַריין, האָט ער געשריגן:

— איר וועט מיר נישט אַרויסגיין פֿון דאַנען, הינטישע פּיס?..

מיר האָבן זיך ווי אַ ווינט אַ טראָג-אַרויס געטון פון שטעלכל און ווי אַ ווינט אַריינגעפאַלן אין שטוב.

אַביסל שפּעטער איז דער טאַטע אַריין אין שטוב אַ באַרויקטער צוזאַמען מיטן הער לוקאַש: באשר, אז עס פּאַסט נישט, אַז די קניה פון דער בהמה זאָל אַנדערש צוגעקלאַפּט ווערן, נאָר אין שטוב, אונטער אַ דאַך; ציגיינער נאָר היטן דאָס נישט אָפּ. באַלד האָבן זיי גענומען געבן זיך די הענט, דער הער לוקאַש דורך דער פּאָלע פון זיין דראָשקאַרישע קאַפּאָטע, דער טאַטע— דורכן שפּענצער, וואָס האָט אים אויפן רוקן אין צוריסענע פּאַסן באַכגעהאָנגען.

— גאָט איז מיין עדות — האָט דער טאַטע געזאָגט — אַז איך וואָלט קיין פרעמדן און נאָך אַ ייִד דערצו. פאַר קיין שום געלט נישט פאַרקויפט די קאָבילע. אַזוי ווייס איך, אַז זי קומט אַריין כאָטש אין גוטע הענט. . .

— הע ! הע ! הע ! — האָט געלאַכט דער הער לוקאַש— שכניש ! שכניש ! איך וועל איר קיין עולה נישט טון. . .

— און ווען, גאָט זאָל אויסהיטן — דערביי האָט ער מיטן קאָפּ אָנגעוויזן אויף דער מאַמען, וואָס איז געלעגן, ווי אַ טויטע מיט פערשלאָסענע אויגן — נו, איז דאָך קיין מענטש נישט קיין שטיין, וועל איך שוין ווי אַ קום בחנם זי אַרויספירן. . .

דער טאַטע האָט גאָרנישט געענטפערט, נישט אַזוי און נישט אַזוי, ער האָט נאָר די אויגן אַראָפּגעלאָזט און די וואָנסעס געריסן, און די מאַמע האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ קרעכץ. אפשר איז זי נישט געשלאָפן גאָר.

ווען דער הער לוקאַש, געבויגן אין צווייען, איז אַרויסגעגאַנגען פון שטוב נאָכן טאַטען, האָבן מיר זיך אַ וואָרף-געטון צו דער טיר, כדי צו לויפן צו דער קליאַטשע.

נאָר דער טאַטע האָט זיך פלוצלינג אומגעקערט:

— איר זאָלט מיר די נאָז נישט אַרויסשטעקן איבער דער שוועל! — האָט ער שטרענג אַ געשריי-געטון, — אין שטוב זיצן. . .

און ער האָט אַ טראַסק-געטון מיט דער טיר.

מיר זענען שטיין-געבליבן ווי בעטויבט. איך האָב געקוקט אויף פעלעקן און—פעלעק אויף מיר; די אויגן זענען אים געוואָרן וואָס אַמאָל גרעסער, וואָס אַמאָל דורזיכטיקער, דאָס מויל און די גאָמבע האָבן זיך אים געוואָרפן ווי אין פיבער און פלוצלינג, אַ כאַפּ-טוענדיק זיך מיט ביידע הענט פאַר די האָר, האָט ער אַ געשריי געטון:

— ברענען זאָל עס!—און איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ גרויס געוויין.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן איצט גוטע צייטן. און שטוב האָט זיך געמאַכט וואַרעם, איבער די ווענט האָט אויפגעהערט צו וואַקסן שוואָמען. ביי דער קרעמערקע האָבן מיר געבאָרגט אַ צווייטן טאָפּ אויף קאַשע.

נאָר, וואָס אָן דער קליאַטשע איז אונז געווען שרעקליך אומעטיק, און וואָס איינער פון אונז האָט אַ קוק-געטון אויפן שטעלכל, האָבן זיך אים געשטעלט טרערן אין די אויגן. אויך די מאַמע האָט עפּעס גאָר נישט געוואָלט.

— איך וועל שוין שטאַרבן, פיליפּ... — האָט זי אַרויס-גערעדט מיט אַזאַ שטילינשקע קול, ווי דער רויש פון זומער-ווינטל.

— לאָז דיך שוין נישט קאָסטן אויף מיר.

דאָ ווידער איז איר עפּעס פלוצלינג בעסער געוואָרן. זי האָט זיך געהייסן אָנוואַרימען ביר, אָדער מילך מיט פוטער און פּיאָטרושן האָט זי אַליין געוואַשן, געקעמט. זי האָט אונז דאַמאָלס דערציילט, ווי זי וועט גיין קיין טשענסטאָכאָוו, וויבאַלד זי וועט געזונט ווערן, ווי זי וועט אונז מיטנעמען מיט זיך, וואָס פאַר אַ טורעמס מיר וועלן דאָרט זען, וואָס פאַר אַ קירכע, וואָס פאַר אַ שפּילן אויף אָרגאַנען מיר וועלן הערן. דאָס פּנים האָט איר דאַמאָלס געפלאַמט און די אויגן האָבן איר געלויכטן, אַזוי ווי אַ פייערשוואָם. דאָס פלעגט געווענליך זיין אין אָוונט.

נאָר אַז ס'איז געקומען דער פרימאָרגן, איז זי געלעגן ווי אָן אַ נשמה, וואָס אַ טאָג בלייכער, אָט ווי אַ דורכזיכטיק נעפּעלע. נישט קיין קול, נישט קיין אָטעם, נישט קיין מינדסטער פאַרלאַנג.

דער טאַטע כאַפּט זיך אויף, לייגט צו דאָס אויער צו איר מויל, הייסט אונז זיין שטיל — און הערט זיך צו. ביז ער טוט הויך אַ זיפּץ, ווי ער אַליין וואָלט פּלוצלינג צוריק אויפגעלעבט און הייבט אויף די אויגן צו דעם שוואַרצן צלם איבערן בעט.

נאָר איינמאָל האָט ער געהאָרכט און זיך עפּעס נישט דער-האָרכט.

די מאַמע איז געשטאָרבן ביינאַכט אַזוי שטיל, אַז קיינער האָט נישט געהערט אַפּילו.

פּיאָטרוש איז נעבן איר געשלאָפן יענע נאַכט, און אויך ער האָט נישט געהערט. דאָס נשמהלע איז אַרויס פון איר, אַזוי ווי פּאַרע. זי האָט זיך נישט קיין מאָטער געטון אַפּילו אַזויפיל, ווי אַ שפּערל, ווען ער פליט-אָפּ.

און ווען דער טאַטע האָט, אָפּרייסנדיק דעם קאָפּ פון אירע אויסגעדאַרטע בריסטן, אַ געשריי געטון, אַז די מאַמע איז טויט, זענען מיר שטיין געבליבן פאַרן בעט אין גרויס חידוש, קוקנדיק דאָ אויף איר בלוי-געוואָרן מויל און דאָ אויף פּיאָטרושן, וואָס איז נעבן אירע קאַלטע, שטייף-אויסגעצויגענע פיס געשלאָפן אַ וואַרימער, מיט רויטע בעקלעך, דאָס שטערנדל באַדעקט מיט אַ פּערלדיקן שווייס... אַזאַ פּענדראַק! דער טויט האָט אים מיטן עלנבויגן געשטויסן און ער — גאָר נישט.

באַלד האָט זיך געמאַכט אַ גרויסער רעש אין שטוב. עס זענען זיך צונויפגעקומען די שכנות, האָבן אָנגעהויבן עצות געבן שאָקלען מיט די קעפּ, זיפצן, און אַזוי ווי דער טאַטע האָט יענעם טאָג קיין קאַשע אונז נישט אָפּגעקאָכט און פּיאָטרוש האָט געוויינט עסן, האָט אים די קרעמערקע אַריבערגענומען צו זיך, און האָט אויך אונז צו זעמל געגעבן.

— ווי דידאָזיקע באָבע איז עס ווייך געוואָרן! האָט פּעלעק שטיל אַ זאָג-געטון און דערויף האָט ער איר גלייך אַ קוש געטון און מיט די באָרוויסע פיס זיך געשיקט פאַרבויגן.

יענעם גאַנצן טאָג איז מיר געווען אַזוי, עפּעס ווי עס וואָלט מיר ווער געשעפּטשעט אין אויער אַריין: „נישטאָ שוין די מאַמע!.. די מאַמע איז שוין געשטאָרבן"... האָב איך באַלד מיט

די פּויסט מיר אויסגעווישט די אויגן, ווייל סהאָט זיך מיר שרעקלעך געוואָלט וויינען.

נישט קוקנדיק דערויף האָבן מיר יענעם טאָג אויסגע־צייכנט פאַרבענגט, ווייל ביי אונז איז געווען אַזאַ הו־הא, ווי אויף די אָרדינאַצקעס. אויף וויפיל איך געדענק, האָב איך קיינמאָל, נישט געזען אַזויפיל מענטשן אין אונזער קעלער; וואָס עס גייט ווער אַ דורך פאַר אונז, דער גלעט אונז איבער די קעפּ, דער דאַרבאַרמט זיך, דער ציט מיט די נאָז.

נעכטן באַך האָט אונז קיינער אין גאַנצן הויז נישט אַנדערש גערופן, נאָר לאָבוסעס, אָדער „לאַטקעס" און היינט, ווי עס וואָלט זיי ווער באַשמירט די מיילער מיט האָניק: יתומים! יתומימלעך אָרימע שעפעלעך!...

און פעלעק מאַכט כסדר אָנשטעלן, ווינקט מיט די אויגן און וואָס עס גייט ווער אַ דורך, טוט ער מיר אַ שטורך.

— איז דאָס אַ קאָמעדיע! איז דאָס אַ „טיאַטר"!—שעפּעט ער און מאַכט אין די צוזיפּגעדריקטע פויסטן צוויי מאָסע פייגן, און די צינג בלעזלט זיך אים אַליין אַרויס, אַ דינע און אַ שאַרפּע, אַזוי ווי אַ שלאַנגען־צינגל.

דער טאַטע איז דערווייל אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב, אַזוי ווי נישט ביים זינען. וואָס ער נעמט עפּעס אין דער האַנט אַריין לייגט ער עס צוריק, כאָטש סאיז דאָרט אין דער פויסט נישט געווען שוין כמעט וואָס אין דער האַנט צונעמען.

און די ווייבער האַלטן אין איין אַרומקוקן זיך איבער אונזער אָרימקייט, שעפטשען נאָר איינע דער אַנדערע אויפן אויער, גאַוועגן מיט די הענט, שאָקלען מיט די קעפּ און קרעכצן...

איך האָב געמיינט, אַז עס וועט דערצו קיינמאָל קיין סוף נישט נעמען. ביז זיי זענען זיך ענדליך פאַנאַנדערגעגאַנגען, ווייל דאָס מיטאָג איז זיי געלאָפן פון די טעפ.

ווען נישט אָט דאָס רחמנות פון די לייט, וואָלטן מיר אפשר נישט אַזוי שטאַרק געפילט אַז די מאַמע איז געשטאָרבן: בערך אַהאַ־ביאָר האָט זי זיך אין דער דאָזיקער קרענק שוין נישט אויפגעהויבן און די לעצטע צייט, איז זי פונקט אַזוי שטיל געלעגן

אויפֿן בעט, ווי איצט. און איצט, בעת איך האָב אויף איר געקוקט, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז פֿון הינטער די ברעמען קוקט זי אויף פּיאָטרושן און שמייכלט לייכט און אָקאָרשט וועט זי אַ זאָג-טון: „וואו איז ער דאָרט גראָב, אָרים שוועלבעלע"! אינגאַנצן אַזוי ווי פֿריער, נאָר וואָס קיין ליכט האָבן זיך נישט געברענט אַזוי נעבן איר.

פֿון דידאָזיקע ליכט איז געפֿאַלן אויף איר אַ דורכזיכטיקע געלקייט, וואָס האָט מיך געשראָקן. איך האָב דערפֿילט, אַז זי האָט געהאַט קאַלטע הענט, בעת דער טאַטע האָט זיי אונז געהייסן אַ קוש-טון. דאָך דעם טאַטן האָט געמוזט זיין וואַריִם, זיצנדיק נעבן איר, ווייל ער איז זיך אָנגעלאָפֿן אַ גאַנצן טאָג, דאָ אין דער ק׳ נצע-לאַריע, דאָ צו סטאָלאַרעס, דאָ וועגן אַ פּורל. ווען די מענטשן זענען זיך צעגאַנגען, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן קאַנט פֿון בעט, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די הענט און געקוקט: דאָ אויפֿן שוואַרצן צלם, וואָס האָט געהאָנגען איבער דער מאַמעס בעט און, דאָ אויף די טיפֿע שאָטנס פֿון אירע פֿאַרשלאָסענע אויגן. איך בין איינגעשלאָפֿן. און ער איז נאָך אַלץ געזעסן. נאָר אינמיטן דער-נאַכט האָט מיך אויפגעוועקט אַ שטיל שלוכצן.

דאָס איז פּעלעק, וואָס האָט זיך אַ גאַנצן טאָג געדרייט אַהין און אַהער, געמאַכט אָנשטעלן, אָפּגעשפּאָט פֿון מענטשן און מיר געשטורכעט אין דער זייט אַריין—געזעסן איצט אויפֿן שעניק, אינם ברייט צעשפּילעטן העמד׳ל, די הענט—אַרום די שטאַרצנדיקע קני, האָט געקוקט איבערן פּוסטן צימער און געוויינט.

אויפֿן דריטן טאָג, מיר זענען נאָך געשלאָפֿן אין פּאָדער-הייזל אונטער דער מאַנגל, וואוהין דער טאַטע האָט אונז געהייסן אַרויסשלעפּן דעם שעניק, אַז איך האָב דערהערט אין שלאָף עפּעס אַזוי ווי אַ באַקאַנט הירזשען.

איך האָב מיך אַ כאַפּ-אויף געטון; טהאַרץ האָט מיר גע-קלאַפּט ווי מיט האַמערס.

דאָס הירזשען האָט זיך אויפּסניי אָנגערופֿן.

— פּעלעק! די קליאַטשע הירזשעט! — האָב איך אויסגע-שריגן, אָנכאַפּנדיק אים ביים אָרעם.

ער האָט זיך אַ ריס-געטון און איבערגעדרייט זיך אויף דער צווייטער זייט. נאָר אַז דאָס הירזשען האָט זיך ווידער געלאָזט הערן, האָט ער זיך אויך אַ כאַפּ-אויף געטון, אַוועקגעזעצט זיך אויפֿן שעניק און ברייט פֿאַנאַנדערעפֿנענדיק די אויגן, האָט ער זיך איינגעהערט.

אַ לאַנג דויערענדיק שטיל הירזשען האָט זיך ווידער אַ מאָל אָנגערופֿן.

— די קליאַטשע ! — האָט פֿעלעק אַ געשריי-געטון און אַ כאַפּ-טועַנדיק אויף זיך די יופּע, האָט ער זיך אַ וואָרף-געטון צו די טרעפּ פֿון קעלער.

איך האָב זיך גענומען גיך אָנטון און די הענט האָבן זיך מיר אַזוי געוואָרפֿן, אַז איך האָב צו קיין שום קנעפּל נישט גע-קאָנט צו-טרעפֿן.

— שטיי-אויף, פּיאָטרוש—האָב איך גערופֿן — שטיי-אויף ! די קליאַטשע איז געקומען.

און איך האָב אים געטרייסלט, ווי אַ בינטל שטרוי, ווייל ס'איז אים געווען שווער אויפצורייסן פֿון שלאָף.

ווירקליך, פֿאַרן טויער איז געשטאַנען אונזער קליאַטשע איינגעשפּאַנט צו אַ פּראָסטן וואָגן, פֿאַרהאָנגען מיט אַ טוך. אויפֿ קאַרק איז איר שוין געהאָנגען פֿעלעק, אַרומנעמענדיק אים מיטביידע הענט, אויף וויפּיל ער האָט געקאָנט דערגרייכן. נעבן וואָגן איז געשטאַנען דער הער לוקאַש סמאָליק און מכבד געווען דעם סטרוזש מיט טאַבאַק.

מיר האָבן גלייך אויפגעהויבן אַ ליאַרם, נישט צום באַ-שרייבן.

— די קלאַטשע ! אונזער קליאַטשע ! אונזער טייערע, ליבע, אַלטע קליאַטשע ! —האָבן מיר גערופֿן איינער נאָכן אַנדערן, גלעטנדיק זי, פּלוידערנדיק און טוליענדיק זיך צו איר, וואו איינער האָט געקאָנט. פּיאָטרוש האָט מיטגעוואַלד געוואָלט אַרויפֿקריכן אויף איר.

— די קליאַטשע האָט זיך פֿאַרבענקט נאָך אונז, וואָס ? זי איז געקומען צו אונז די קליאַטשע ?... זי איז געקומען ?... די

ערליכע, גוטע, אַלטע קליאַטשע אונזערע.

און מיר האָבן גענומען קוקן איר אין די ציין, אַרומטאַפּן די פיס, קעמען איר מיט די פינגער די גזשיווע. און עס איז אונז אפילו נישט געקומען אויפן זינען, צוליב וואָס די קליאַטשע איז צו אונז געקומען, אויף וואָס דער וואָגן האָט עס געוואַרט.

אָבער אויך די קליאַטשע האָט אונז דערקענט, און אויך זי האָט זיך געפרייט מיט אונז; מיטן פאָדערשטן פוס, וואָס דער „שפאָט" האָט היבש גרעבער געמאַכט, האָט זי געקלאַפּט איבערן ברוק פריילעך, לוסטיק, עפּעס ווי אויסשלאָגנדיק פאַר אונז פריידפונקען; איר קאָפּ האָט זיך דאָ אויפגעהויבן, דאָ—אָנגעבויגן, די נאָזדרע האָט מונטער געפּירקעט; דאָ ווידער האָט זי אויף אונזערע קולות און געלעכטערן געמאַכט מיט די אויערן, אויסגעצויגן דעם האַלז און איר הויך הירזשען האָט אונז אַ דורכגענומען מיט אַ אונגעוועגליכען תענוג.

דאָסדאָזיקע הירזשען האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט די קלאַנגען פונם גלאָק, וואָס האָט אין דער מינוט טריב אָנגעהויבן קלינגען. צוזאַמען דערמיט האָט זיך צוגעראָגן פון קעלער-שטוב אַ שטומער אָפּקלאַנג פון אַ האַמער און איידער מיר האָבן זיך אַרומגעקוקט, האָט זיך שוין דער אָרון געפונען אויפן וואָגן.

— וויאָ! – האָט אויסגערופן דער הער לוקאַש. די קליאַטשע האָט געריררט פון אָרט, און מיר רירעוודיק—נעבן איר.

אין ראָג האָב איך זיך אַרומגעקוקט: דאָס הייפל שכנות און פאַרבייגייער איז זיך שוין געהאַט צעשווימען און נאָכן וואָגן, אויף וועלכן סאיז געזעסן דער הער לוקאַש און אָנגעטריבן, איז דער טאַטע איינער אַליין נאָכגעגאַנגען, מיטן היטל אין דער האַנט, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

דאַגעגן מיר דריי זענען געלאָפן סאַמע נעבן דער קליאַטשע פריילעך, לוסטיק, אויף קיין איין מינוט נישט איבעררייסנדיק די שמועסן און צערטליכקייטן צו איר. עס איז געווען אַ מאַי-פרימאָרגן, די שטראַלן פון דער זון האָבן באַגאָסן מיט אַ העלע שיין די גאַסן, די בריק און די ווייסל; פון יעדן געזימס האָבן געצוויטשערט די שפערלען. נאָר העכער פון די שפערלען

האָבן מיר דרײַ געפּלוידערט.

— זע נאָר, וויצעק—האָט פּעלעק אויסגערופֿן — ווי אויסגע-פּאַשעט זי האָט זיך עס! וואָס פֿאַר אַ איבערגעלייגטע זייטן זי האָט?.. דו זעסט וואָס פֿאַר אַ ניי געשפּאַן...

און מיר ווידער אײַן אַ כאָר:

— קליאַטשע! אונזער קליאַטשע! אונזער טייערע, אַלטע קליאַטשע!

מענטשן האָבן אונז נאָכגעקוקט. אַ מאָדנעם אײַנדרוק האָט געמאַכט דידאָזיקע לויה מיט די דרײַ קינדער, וואָס האָבן זיך אַזוי גוט געווײַלט—אָן דער שפּיץ. איבערהויפּט אויף די בריק, וואו מהאָט געמוזט צוליבן ענגשאַפּט פּאַמעליכער פֿאָרן, האָט אונזער לויה-סוויטע גאָר אַ אײַנדרוק געמאַכט.

די דורכגייער זענען שטיין געבליבן און געהויבן די אַקסלען. עטליכע מאָל האָט דער הער לוקאַש אַפֿילו געשריגן צו אונז, אַז מיר זאָלן נאָר גיין נאָכן וואָגן, נאָר מיר האָבן אויף קיין איין טריט נישט געוואָלט אָפּטרעטן פֿון דער קליאַטשע.

די זון האָט וואָס אַמאָל אַלץ שטאַרקער געוואַרימט, דער וועג איז געוואָרן זאַמדיק, שלעפּנדיק; די קליאַטשע האָט געצויגן איר משא מיט אַביסל אָנשטרענגונג: דאָס געזונטע אויג אירס האָט זיך געמרוזשעט פֿון דער שײַן און אויף דעם בלינדן און פֿאַר-שטיינערטן, האָבן זיך אַוועקגעזעצט צערײַצטע פֿליגן. האָבן מיר גלײַך אָפּגעבראָכן עטליכע וויעזשבענע צווײַגלעך און גענומען זיי האַסטיק אָפּיאָגן. אַליין האָבן מיר קיין שום מידקייט נישט געפֿילט. באָרוויס, אין געמײַנע פּלודער-הייזלעך און געלאַטעטע קורטקעס, האָבן מיר געשפּאַנט נעבן דער קליאַטשע פֿרײלעך, לוסטיק און די צלמים פֿון „צמענטאַזש" זענען כסדר געוואַקסן און געוואַקסן פֿאַר אונז...

אַזוי ווי עס איז נישט געווען ווער סזאָל טראָגן דעם אָרון, האָט מען אונז אַריבערגעלאָזט מיטן וואָגן אויף יענער זײַט טויער. דאָ דאַרף מען אָבער ערשט וואַרטן, ווײַל דער באַ-גראָבער האָט נאָך נישט געענדיקט אויסגראָבן דאָס קבר, און האָט ערשט איצט גענומען אײַלנדיק אַרויסוואַרפֿן פֿון אים

לאָפּעטעס געל זאַמד. האָבן מיר זיך אַ נעם־געטון רייסן פאַר דער קליאַטשע האָזן־שצאַוו און זאַפּט־קע בלימלעך, וואָס זענען געווען פול אויפן וועג דערוויל האָט דער טאַטע מיטן הער לוקאַש אַרונטערגענומען פון וואָגן. דעם אָרון און אַוועקגעשטעלט אים אויפן ברעג פון קבר. ער האָט געמוזט זיין נישט שווער, ווייל דער קום, כאָטש שוין אויף דער עלטער, איז געשטאַנען גלייך אונטער אים; און דאָך האָט ער דעם טאַטן אַזוי אַראָפּגעבויגן צו דר ערד, אַזוי ווי קריסטוס אויף יענעם צלם, וואָס איך האָב געזען אויף די בערנאַרדינער קירכעס.

באַלד האָט אַ גלעקל אַ קלינג געטון מיט אַ דינעם קלאַנג, און אין אַ ווײַלע שפּעטער, איז געקומען דער גלח אינם ווייסן העמדל און דער קירכע־באַדינער מיט אַ צלם און באַשפּרענקער. דער טאַטע האָט אויף אונז שטרענג אַ קוק געטון, האָב איך מיט פעלעקן אַנידערגעקניט, האַלטנדיק אין די פויסטן הויפנס פריש גראָז. דער הער לוקאַש און דער טאַטע האָבן אויך אנידערגעקניט דער באַגרעבער האָט געענדיקט זיין אַרבעט. דער גלח האָט איינס־צוויי־דריי אָפּגעזאָגט זיין לאַטײַנישע תּפלה, האָט מזכיר געווען דער מאַמעס נאָמען, האָט געהייסן זאָגן „פאָטער אונזער״, אַליין דער ערשטער הויך אָנהייבנדיק.

דער טאַטע האָט אויפגעהויבן דאָס פּנים און ביידע הענט צום הימל; פון די אויגן זענען אים געפאַלן שווערע, גרויסע טרערן. פעלעק קניענדיק האַרט נעבן מיר, האָט געמורמעלט „פאַציעזש״ מיט אַן איינגעגעסענעם בליק אין דער קליאַטשע.

עס איז געוואָרן אַזאַ שטילקייט, אַז סהאָט זיך געהערט דאָס לייכטע רוישן פון די וויעזשבעס און דאָס גרילן פון דער גריל.

אוי־ווײַ !... ווײַ !...—האָט זיך פלוצלינג צעטראָגן אינמיטן דער דאָזיקער שטילקייט פּיאָטרושס דינע שטימעלע, וואָס האָט פולע הענטלעך גראָז און בלימלעך געהאַלטן דער קליאַטשע פאַרן מויל, פאַנאַנדערשיטנדיק „פעלד ברידערלעך״ און ווייסע מאַרגאַריטקעס. די קליאַטשע האָט איידל געגומען מיט די ליפּן דאָס גראָז פונם קינדס האַנט און געקייט עס, אָנבייגנדיק דעם קאָפּ און מעלאַנ-

כאָליש אָפּקערנדיק דאָס בלינדע, ווייסליכע אויג אַקייגן דער זון.
האָט דער גלח אַ קוק־געטון, האָט דער טאַטע זיך אַ קאָרטשע
געטון און ווייל איך האָב געקניט אַמנאָנסטן אים אונטער דער
האַנט, האָט ער מיר שטאַרק אויסגעריסן דאָס אויער.

אינדעם האָט פּעלעק אָנגעהויבן זיך זער הויך צו קלאַפּן מיט
דער פויסט איבער דער ברוסט, אַלס צייכן, אַז ער האָט שוין
דעם „פּאַציעזש" און אַלץ וואָס האָט געהערט צו אים פאָלשטענ־
דיק פאַרענדיקט. און טאַקי באַלד האָט ער, אַ בליק ווארפנדיק
אויפן טאַטן, איינגעבויגענערהייט זיך אַ לאָז־געטון צו דער
קליאַטשע, און האָט אויך צו מיר אַ וואונק געטון. דער גלח, באַ
שפּרענקלענדיק דעם אָרון, פון וואָס עס איז אויך אונז אָנגעקומען
אַביסל, איז אַוועק מיטן קירכע־באַדינער.

דער קבר איז נאָך נישט געווען אויסגעגלייכט אינוויינוק.
דער באַגראַבער האָט אָנגעטראָפן אויף ליים און ער האָט עס
צו ביסלעך נאָר גענומען אויף דער לאָפּעטע, אַזוי ווי פוטער אויף
ברויט.

דער טאַטע האָט כסדר געבעטן. נאָר דער הער לוקאַש
האָט ווייזט אויס זיך געאיילט, ווייל ער האָט געהאַלטן אין איין
שמעקן טאַבאַק, האָט געקוקט צום וואָגן און געקראַצט זיך איבערן
קאָפּ. ביז זיי האָבן זיך ביידע אַרומגעכאַפּט, זיך איבערגעשאָקלט
אין גרויס פאַריינטשאַפט איינמאָל און נאָכאַמאָל, נאָכדעם איז דער
קום אַוועק צו דער קליאַטשע.

מיר האָבן דערווייל זי שוין געהאַט אויסגעפּוצט, אַזוי ווי אַ
יונג מיידל. פרישע, צעבליטע אַקאַציען־צווייגן האָבן איר געשטעקט
הינטער די אויערן, הינטערן שפּאַן, הינטערן כאָמעט. וואו סהאָט
זיך נאָר געלאָזט אַריינשטופּן. אַ בינטל געלע פעלד־בלימלעך איז
איר געהאָנגען איבערן שטערן, אונטער דעם רימן. פון דער
גזשיווע זענען איר אַרונטערגעפאַלן מאָן־בלימלעך. דאָס איבעריקע
גרינוואַרג האָבן מיר געהאַלטן אין די הענט, כדי אַראָפּצוטריבן די
בינען פון דער קליאַטשע.

איצט האָט זיך אָנגעהויבן אַן אמתער טריומף־מאַרש.
פּאָרויס האָט געשפּאַנט פּיאָטרוש, נישט קוקנדיק אויף קיין

וועג און שטעג, אָנטרעטנדיק אויף די קליינע, פרישע, געל-זאַמדיקע קינדער-קברימלעך ביי יעדעס מאָל זיך אומקוקן אויפן וואָגן. נאָך פיאָטרושן — די קליאַטשע, זואַרפנדיק מיט אַ שטיל פירסקען מיטן קאָפּ, וואָס איז געווען שווער בעהאָנגען מיט בלימלעך און גרינסן. איך ווידער און פעלעק זעמיר געגאַנגען איר פון ביידע זייטן, אַזוי ווי וואָפן-טרעגער. דער וואָגן האָט זיך פאַמעליך געקאָלערט, דאָ אויפהייבנדיק זיך און דאָ אַרונטערפאַלנדיק אויף די איינגעפאַלענע קברים. און הינטער אונז איז מיט אַ טויבן, וואָס אַמאָל אַלץ אַ טויבערן קלאַפּ, געפאַלן די ערד אויף דער מאַמעס ארון.



וויפיל מאָל זי פֿלעגט אַ קוק-טון אין פֿענסטער פֿון איר
שטיבל, אַזוי-פֿיל מאָל האָט זי אים געקאָנט זען, ווי ער האָט
פונם ריזיקן פאַבריק-קוימען געשלאָגן אין דערהייך אין אַ גרויע
זייל. נישט איינמאָל פֿלעגט זי בכיון אָפּרייסן פֿון דער אַרבעט
די אלטע אויגן, כדי צו וואַרפֿן אויף אים כאָטש איין בליק.
אין דעמדאָזיקן בליק איז געווען עפּעס אַ מאָדנער נחת-רוח און
עפּעס ווי אַ צערטליכקייט. מענטשן זענען געגאַנגען און פֿאַרביי-
געגאַנגען, איילנדיק אין פֿאַרשידענע זייטן, זעלטן סהאָט ווער
אַ קוק-געטון אין דערהייך אין דער ריכטונג צום קוימען, נאָך
זעלטענער האָט ער באַמערקט די גרויע פּאַסן רויך. נאָר פֿאַר
איר האָט דער רויך געהאַט אַ בעזונדערע באַדייטונג, ער האָט
גערעדט צו איר, זי האָט אים פֿאַרשטאַנען, ער איז געווען
אין אירע אויגן כמעט אַ לעבעדיק באַשעפֿעניש.

ווען אין די פֿריע מאָרגן-גרויקייט האָט אַקייגן דעם צעברענטן
הימל-ראַנד, וואָס האָט געשימערט מיט די פֿאַרבן פֿון מאָרגנשטערן
דער רויך זיך צוקנוילט איבערן קוימען אין קיילעכיקע, שוואַרצע
רעדער, פֿאַרשפּרייטנדיק אַ שאַרפֿן, עסנדיקן ריח פֿון ריסעכץ,
האָט זי געוואוסט, אַז איר מאַרציש שטייט אין קעסל-צימער
ביים הייץ-אויוון, רידערט-אויף דאָס פייער, שאַרט עס צונויף,
צושאַרט עס, אַ הויכער, אַ שלאַנקער, אַ בויגעוודיקער אין אַ
בלויליכע לייווענטענע בלוזע, אַרומגענומען מיט אַ לעדער-

נעם פּאַסטעק, אין אַ לײַכט היטעלע אויף די העלע האָר, מיט אַ ברייט אויסגעלייגטן קאָלנער בײַם האַלז.

— אָ־האָ! — האָט זי דאַן געשעפּטשעט שמייכלענדיק — מאַרציש לאַדעוועט דעם איוון.

ער האָט ווירקליך געלאַדעוועט. מיט פּלייסיקייט פון אַן אָנפאַנגער האָט ער געשיט קוילן אין אויוון אַריין, אַ קויש נאָך אַ קויש, אַרבייטנדיק פאַר זיך און פאַרן הייצער, אַ שטאָלצער פון זיין פרישע חשובע שטעלע אַלט קעסל־אויפזעער און צוזאַמען מיט דעם גרויסן, העלן פלאַם האָבן אים אין דער נשמה אויפגעריסן געזאַנגען, מיט וועלכע דאָס קעסל־צימער איז פול געווען פון פרימאָרגן ביז ביינאַכט.

דאָך באַלד זענען די שוואַרצע קנוילן רויך ווייסער און שיטערער געוואָרן, זענען געוואָרן לייכטער, ביז זיי האָבן דורך די לויטערע בלויקייטן אַרויפגעשלאָגן אין דערהייך אין אַ לייכטע, גלייכע זייל.

דאָס בילד האָט אַריינגעגאָסן אינם האַרץ פון דער אלמנה פרייד און אויסלייטערונג.

— סאיז אַלץ גוט... — האָט זי געשעפּטשעט — אַלץ גוט, אַ דאַנק דעם אייבערשטן!

און זי האָט זיך געפּאָרעט איבערן אָרעמען שטיבל, פאַרבעט דאָס בעט אירס און דעם זונס טאַפּטשאַן, אויסגעקערט דאָס מיסט מיט דעם אַלטן בעזים, און צוברענט אויפן קוימען העלצער צום מיטאָג־געקעכץ.

דאַן האָט אַקייגן דעם גרויסן פאַבריק־קוימען מיט די גרויסאַרטיקע טשופּרינע רויך זיך דערהויבן אין די בלויקייט אַ דין, גרוי פּאַסל פון איבערן דאַך־שטיבל, וואו ס'האָט געוואוינט די אלמנה, אַ פּאַסל אַזאַ שוואַכס און נישטיקס, אַזוי ווי דער אָטעם פון די אַלטע בריסטן, וואָס האָבן עס פון פייער אַרויסגעבראַכט.

נאָר דער יונגער קעסל־אויפזעער האָט שטענדיק דאָס פּאַסעלע באַמערקט. און נישט נאָר ער האָט עס באַמערקט, נאָר ער האָט אויף דערצו געשמייכלט. ער האָט גוט געוואוסט, אַז זיין אַלטע מוטער אין דער ווייסיטשקער הויב אויפן קאָפּ, אינם טולופּל,

אַרומגענומען מיט אַ ראָזע פאַרטוך, אַ קליינטשינקע, אַן איינגע־שרומפּענע, אַן איינגעהויקערטע גרייט דאָרט צו פאַר אים ביים קוי־מען עפּעס אַן אויסגעצייכנטן באָרשטש, אָדער אַ פיינם קרופּניק. ס'האָט זיך אים טיילמאָל אַפילו געדאַכט, אַז ער פילט דייטליך דעם געשמאַקן ריח פון די דאָזיקע מאכלים.

דאַן פלעגט ער מיט טאָפּלטן ברען צו־וואַרפן אין אויוון אַריין אַ פרישן שויפל קוילן און אין דער צייט, ווען דער הייצער האָט זיך געקראַצט איבערן קאָפּ האָט ער, שטייענדיק מיט איין פוס אויף דעם אונטערמויערכץ, אַ פלינקער און בוי־געוודיקער געאַר־בעט געגוג פאַר צוויי.

און אַזוי איינס אַקייגן דעם אַנדערן האָבן זיך געהויבן צום הימל די צוויי אָטעמס: פון דער פאַבריק און פון בוידעם־שטיבל, פאַרגייענדיק אין די שפּיגלענדיקע הימל־בלויקייטן, און אפשר אויך פאַראייניגנדיק זיך אין זיי.

צו מיטאָג־צייט איז דער פאַבריק־רויך אַביסל שיטערער גע־וואָרן; די ריזיקע לונגען פון די מאַשינען האָבן נאָכגעלאָזט זייער אַרבעט, די אַרויסגעלאָזטע דאַמפן האָבן אַ דורכגעשניטן די לופט איינמאָל און נאָכאַמאָל מיט אַ שאַרפן, נישט אַנגענעמען פייף און דאָס יינגל איז ווי אַ שטורם אַריינגעפאַלן אין שטיבל.

— מאַמע, עסן — האָט ער געררופן שוין אויף דער שוועל און אַ וואָרף־טוענדיק דאָס היטעלע אויפן טיש, איז ער צוגעלאָפן צו דער שטייג מיט דעם דראָסל, וואָס איז געהאָנגען אין פענסטערל. דער דראָסל ווי נאָר ער האָט דערזען דאָס יינגל, פלעגט ער אַרויסלאָזן אַ צוציגענעם פייף, ענליך צום פאַבריק־פייפל, און דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן זיינע געוועגליכע לידער, וואָס מאַרציש האָט אים אויסגעלערנט. דאָס יינגל איז שטיין געבליבן פאַר דער שטייג, האָט פאַרשטעקט די הענט אין די קעשענעס און האָט אויך גענומען פייפן. די ווענט האָבן אַזש געציטערט פון דעמדאָזיקן פייפעריי...

און די מוטער האָט דערווייל אויסגעשפּרייט איבערן טיש אַ שיין, געל טישטוך מיט אויסגעאַרבעטע בלויע הירשן און האָט אַוועקגעשטעלט אַ טיף פאַיאַנסענע וואַזעלע מיט קרופּניק, באָרשטש, אָדער אַרבעס־זופּ מיט געררויכערט פלייש, אָדער אויך

פּערפּעלעך, ווי ס'איז דאָרט אויסגעקומען נעבן דער חאַזע איז. אַוועקגעלייגט געוואָרן אַ גרויס ברויט, וואָס איז געווען דער עיקר פון דעם מיטאָג.

איז טאַקי כמעט אַ העלפט דערפון, פאַרשוואונדן ווי נאָר דאָס יינגל האָט זיך צוגערוקט דערצו. ער האָט געשניטן אַ שטיק נאָך אַ שטיק, געטונקט אינם זאַלץ-מעסטל און כסדר גערעדט:

— גוט ברויט, מאַמע!

— גוט, זונעלע — האָט נאָך יעדעס מאָל אָפּגעענטפערט די אלמנה, – עס געזונטערהייט, עס! צום אייבערשטנס לויב...

דאָס יינגל האָט זיך נישט געלאָזט בעטן, און צוזאַמען מיטן ברויט, איז פאַרשוואונדן אויך דאָס געקעכץ פון דער שיסל.

— גוטער באָרשטש, מאַמע — פלעגט ער דאַן זאָגן.

די מוטער האָט שוין פון עטליכע מינוט אַהער וואָס אַמאָל אַלץ פאַמעליכער געגעסן, האָט געמישט מיטן לעפל אין טע-לער, געבלאָזן נאָר דער באָרשטש איז עפּעס נישט ווייניקער געוואָרן. און ווען דאָס יינגל האָט געהאַט אָפּגערייניקט אַלץ וואָס ער האָט געהאַט פאַר זיך און די שפּראָצנדיקע וואָנסעלעך אָפּגעווישט מיט דער האַנט, האָט זי אים איילנדיק אַ פרעג געטון:

— און אפשר וואָלסטו, זונעלע, נאָך... מיר איז עפּעס היינט נישט זער...

זי האָט אים געוואָלט געבן אָנצומערקן, אַז עס שמעקט איר נישט, נאָר זי האָט מורא געהאַט צובאַליידיקן דעם אייבערשטן מיט אַ בולטע ליגנט, ווייל דער באָרשטש איז געווען אויסגעצייכנט.

— נו — האָט געזאָגט דאָס יינגל — אַז די מאַמע עסט נישט...

זי האָט אים געשווינד אונטערגעשטעלט איר טעלער, זאָגנדיק:

עס, קינד, עס! צום אייבערשטנס לויב...

דאָס יינגל האָט זיך דאַן ווידער גענומען אַרבעטן מיטן לעפל אויף זיין שטייגער.

— וואָס וויל די מאַמע פון דעם באָרשטש?—האָט ער גע-פרעגט—ס'איז דאָך אַ קייזערליכער באָרשטש!

— ער וואָלט געווען אַזעלכער, וואָלט געווען, זונעלע —

האָט זי געענטפֿערט, מרוזשענדיק מיט די אויגן—נאָר סהאָט מיר פֿאַרפֿעלט צו אים לאָרבער-בלעטער. . .

עס פֿלעגט טרעפֿן, אַז ער האָט נישט אינגאַנצן אויפֿגעגעסן.

זי האָט דאַן צוזאַמענגעגאָסן דאָס איבערבלייבעכץ אין אַ ליימען שיסעלע און אַוועקגעשטעלט אויפֿן קוימען אַזוי, אַז דער זון זאָל דאָס נישט באַמערקן.

דאָסדאָזיקע איבערבלייבעכץ האָט זי שוין באַטראַכט פֿאַר אירס און ווען דאָס יינגל איז אַרויסגעגאַנגען, האָט זי זיך דערקוויקט דערמיט, אויפֿעסנדיק די איבערגעבליבענע שטיקלעך ברויט.

דאָס אַלץ פֿלעגט געשען מיט אַן אויסערגעוויינליכע שנעלקייט. דער יינגער קעסל-אויפֿזעער איז צו מיטאָג נאָר אויף געציילטע מינוטן געוואָרן פֿאַרטרעטן און ער האָט זיך געמוזט איילן. ווי נאָר ער האָט אויפֿגעגעסן, האָט ער זיך איבערגעצלמט האָט אַ קוש-געטון די מוטער אין די אויסגעהאָרוועטע, אויסגעדאַרטע האַנט, האָטגעכאַפּט דאָס היטעלע און אַ פֿייף-טוענדיק צום דראָסל צום געזעגענען, איז ער מיט דריי שפּרינג אַרונטער פֿון בוידעם-שטיבל. די אלמנה איז דאַן שטיין געבליבן אינמיטן שטיבל מיטן אַראָפּגענומענעם טישטוך אין דער האַנט און מיט אַ שרעקעוודיק און תּענוגדיק שמייכעלע האָט זי זיך צוגעהערט צו דאָס דונערדיקע קלאַפּעריי פֿונם זונס פֿיס.

— הייליקער גאָט! — האָט זי אַרויסגערעדט, דרייענדיק מיטן קאָפּ — מיט אַזאַ לויפֿן! ער וועט נאָך, חלילה, די פֿיס צוברעכן. . . די טרעפּ צולייגן. . .

און זי איז געשטאַנען אַזוי און זיך איינגעהערט, ביז סהאָט נישט אונטן אַ קלאַפּ-געטון די טיר פֿון הויז און סהאָט נישט פֿאַרקלונגען דער עכאָ פֿון דערדאָזיקער ווילדער קאַנאָנאַדע פֿון די יינגע און שטאַרקע פֿיס.

דאַן ערשט האָט זי פֿאַרענדיקט דאָס צונויפֿלייגן דאָס טישטוך, האָט אָפּגעוואַשן דאָס געפֿעס, האָט אַרומגענומען דאָס פייער מיט אַש און אַוועקזעצנדיק זיך ביים פֿענסטער, האָט זי גענומען לאַטען דעם זונס מלבושים און וועש.

איז עס געווען אום זומער, האָט זי נאָך לאַנג, זער לאַנג געקאָנט זען דעם רויך, וואָס האָט געשלאָגן פון פאַבריק־קוימען. טייל מאָל האָט זי זיך אַזוי פאַרקוקט אין אים, אַז די ארבעט איז איר אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט...

ווייל מאָדנע געשטאַלטן און פאַרבן האָט ער אָנגענומען.

דאָ האָט ער ווי אַן אייזערנער שלאַנג זיך אַרויסגעוויקלט, פון די אייגענע אויסבייגונגען וואָס אַמאָל ווייטער, וואָס אַמאָל העכער; דאָ האָט ער געווייט אין דער לופט ווי אַ לייכטע פאָר־האַנג, זייענדיק פאַר זיך ראָזיג וואָלקנדלעך; דאָ איז ער ווי פון אַ רויך־פאַס געגאַנגען גלייך אין דערהייך, וויקלענדיק זיך ווייך איבער די ראַנדן; דאָ האָט ער ווי אַ ריזיקער טשאָפּיק געברענט אונטער דער זון, ווייענדיק פונם קוימען, גלייך ווי פון אַ העלם נאָכן ווינט; דאָ האָט ער זיך אויסגעצויגן אין עפּעס וואונדערבאַרע געשטאַלטן, אין עפּעס נישט ערדישע וויזיעס און זעונגען...

טייל מאָל האָט אים דער ווינט אויפגעבלאָזן, ווי דער זעגל פון אַ גרויסער שיף, טייל מאָל איז ער געווען צעריסן ווי קנוילן פאַקולעס; טייל מאָל האָט ער געאיילט ווי אַ שוואַרצליכער נעפּל. און אַז ס'האָט זיך צערעגנט אויף דער וועלט, איז ער אין אַ שווערע כמאַרע געשטאַנען איבערן קוימען, ווי שטיקער שמאַ־טעס איבער די דעכער זיך אָנגעהאָנגען, און אַרומגעשלעפּט זיך איבער דר'ערד נישט ווויסנדיק, וואו זיך אַהינצוטון.

אַז סאיז אָנגעקומען דער ווינטער, האָט די אלמנה אָנגע־צונדען אַ לעמפּל ביים קוימען און האָט דערביי געאַרבייט גראָבע זאָקן צום פאַרקויפן.

און כאָטש פון פענסטערל האָט עס שרעקליך געווייט און דורך די צופוילטע ראַמען איז דער פראָסט־טוי אַזש אין שטיבל פאַרפלויגן, פלעגט זי דאָך יעדעס מאָל דערצו צוגיין, כדי אַ קוק־צו־טון אויף דער פאַבריק.

זי האָט געברענט גלייך אַקייגן דעם בוידעם־שטיבל מיט אַ לאַנגע רייע באַלויכטענע פענסטער, האָט געבראויזט מיט דער אינווייניקסטער אַרבעט פון אירע ריזיקע לונגען, האָט געקלאַפּערט מיט די אייזנס, האָט געקלונגען מיט דאָס שלאָגעריי פון די האַמערס, האָט

געקריצט מיט די ציין פון די זעגן, האָט געצישעט מיט די פייער־צינגען פון די צעלאָזטע מעטאַלן. דער רויך וואָס האָט איצט גע־שלאָגן פון איר קוימן אַקייגן דעם טיפן גראַניט־הימל, איז געווען אַ פלאַמענדיקער, אַ זייַענדיקער מיט פייערן, ער האָט געוואָרפן בוגטן פונקען, אַזוי ווי ראַקעטן.

די ברייטע פייער־רויטקייטן פון אים האָבן זיך געצויגן איבער הימל און האָבן העט־ווייט אָפגעשלאָגן גרויסע, שטילע פרימאָרגן־רויטן...

האָט געקוקט אויף זיי די אלמנה אין פאַרטראַכטקייט. פון די דאָזיקע פאַרטראַכטונג האָט איר אויפגעריסן דאָס פייפן פון דעם שוואַרצן דראָסל, וועלכער אויפגעוועקט פונם ליכט, וואָס האָט גע־שלאָגן פון דער פאַבריק אינם פענסטערל אַריין, האָט אָנגעהויבן אויספייפן זיינע לידלעך. אינם שטיבל איז געוואָרן פרייליכער. דאָס פייער אויפן קוימען האָט געקנאַקט און דער פויגל האָט זיך גע־ריסען—טויב צו ווערען. נאָר ווען די לבנה האָט זיך אַוועקגע־שטעלט אַ פולע אויפן הימל, איז דידאָזיקע גאַנצע פייער־ערשיי־נונג פאַרזונקען אין די לבנה־שטראַלן.

ערשט שפעט אין אָוונט האָט זיך דער זון צוריקגעקערט, און שוין פון דער שוועל האָט ער ווידער גערופען:

— מאַמע, — עסן!...

און צוזאַמען מיט דעמדאָזיקן ייִנגן, קרעפטיקן געשטאַלט איז אַריינגעטרעטן איבער דער שוועל פון שטיבל פרייליכקייט, גע־לעכטער און פרייקייט. איצט האָט שוין דאָס ייִנגל מיט וויניקער איילנדיקייט געגעסן, האָט דער מוטער, וואָס פלעגט אים פאַנאַנ־דערפרעגן וועגן פאַרגאַנגענעם טאָג, אַ ווײַלע דערציילט דאָס און יענץ. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן ברייט צו געניצן און אויסציען זיך, אַפילו דער פויגל האָט אים נישט געווײַלט אין אַזאַ מינוט.

—גיי שלאָפן, זונעלע, גיי שלאָפן! —האָט געזאָגט די מוטער, גלעטענ־יק אים איבערן קאָפ—אָט דאַרפסטו באַלד אין דערפרי ווי־דער...

— כ'וועל גיין, מאַמע... — האָט ער געענטפערט מיט אַ פאַרשלאָפן קול—איך האָב מיך אַזוי איינגעני׳ט—אַ שרעק!

— און „פאַציערן“, זונעלע, זאָג אָפ—האָט זי נאָך דערמאָנט.

— כ'וועל זאָגן, מאַמע.

ער האָט געקושט איר האַנט, האָט אַנידערגעקניט פֿאַר זײַן טאַפּטשאַן און אָנבייגנדיק דעם קאָפּ אויף די צוזאַמענגעלייגטע הענט, האָט ער גיך, מיט אַ שטיל קול אָפּגעזאָגט „פֿאָטער אונזער״, דאָ און דאָרט איבערייסנדיק דאָס געבעט מיט אַ געוואַלטיק געניצן, דערנאָך האָט ער זיך רוישיק געשלאָגן איבער דער ברוסט, זיך איבערגעצלמט מיט אַ ראַשע באַוועגונג און געשווינד זיך אויסטו־ענדיק, האָט ער זיך אַ וואָרף געטון אויפן האַרטן געלעגער.

ער איז טאַקי כמעט גלייך איינגעשלאָפֿן, און איבערן שטיבל האָט זיך שוין לאַנג געלאָזט הערן זײַן גלייך, טיף אָטעמען, אין דער צייט ווען די מוטער האָט נאָך לאַנג געשעפּטשעט איר נאַכט־געבעט פֿאַר דעם שוואַרץ־געוואָרענעם, באַגילדעטן, הייליקן בילדל.

ענדליך האָט זי דאָס לעמפּל פֿאַרלאָשן, דער דראָסל האָט אויפֿגעהערט אַרומצוקלאַפּן מיט די פליגל איבער דער שטייג. אַלץ איז שטיל געוואָרן, כדי צומאָרגנס באַגינען ווידער זיך אויפֿצוּוועקן.

מיט דעם וועקן זיך איז שטענדיק געווען אַ צרה. די אלמנה איז געשלאָפֿן מיט יענעם שלאָף פֿון אויף־דער עלטער, מיט דעמדאָזיקן קורצן, וואַכנדיקן שלאָף, וואָס האָט אַזוי ווי אָפּגעשפּאָרט איר שעהן פֿון לעבן פֿאַרן גרויסן איינשלאָפֿן אין קבר.

פֿון דעמדאָזיקן שלאָף האָט זי זיך געוועקט באַלד נאָכן צווייטן קרייען פֿון די הענער, אַ סך פריער פֿאַר דעם ערשטן פֿאַבריק־פּייפֿל און אָראָפּשלעפּנדיק זיך פֿון געלעגער, האָט זי אַרומ־געטשאַפּעט איבערן שטיבל, צוגרייטנדיק פּאָלעוויקע פֿאַרן זון און געשעפּטשעט די פרימאָרגן־תּפֿלה. אינם פֿענסטערל איז דאַן געשוואַנען דער גרויסער און עט־לעך מאָרגנשטערן, לייכטנדיק גלייך אויפֿן פּנים פֿון שלאָפֿנדיקן ייִנגל. די מוטער האָט יעדעס מאָל צוגעווענדט די אויגן צו דעמדאָזיקן פּנים. זי וואָלט שוין געוואָלט אויפֿוועקן דעם בן־יחיד אירן, נאָר דאָס טיפֿע שלאָפֿן פֿון ייִנגל פֿלעגט איר אָפּהאַלטן.

— זאָל ער!—האָט זי שטיל געשעפּטשעט—זאָל ער נאָך אַ קאַפּעטשקע שלאָפֿן. . .

ערשט ווען סהאָט זיך צוטראָגן דער שרעקלעכער פייף פון די אַרויסגעלאָזטע פאַרע, האָט זי גענומען וועקן דעם יינגל:

— מאַרציש! אַ!.. מאַרציש! שטיי־אויף, זונעלע! מען פייפט...

דאָס יינגל האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ צו דער וואַנט.

— דאָס איז דער דראָסל, מאַמע. . .— האָט ער געזאָגט פאַרשלאָפענערהייט.

— וויִ דאָרט!—דער דראָסל! אין דער פאַבריק פייפט מען, זונעלע, נישט דער דראָסל.

ער האָט זיך אויסגעדרענגט, איבערגעדעקט איבערן קאָפּ, האָט געברומט, נאָר די מוטער איז נישט אָפּגעטרעטען. דער נאַכט־דיזשור האָט זיך געענדיקט, דער קעסל־אויפזעער האָט זיך דער ערשטער געמוזט שטעלן אויף זיין פּלאַץ, נאָך פאַרן אַרבעטער.

דאָס פּלעגט זיך איבערחזרן אַ גאַנצע גאָטס וואָך, נישט אויסשליסנדיק אַפילו זונטאָג.

נאָר איינמאָל, עס איז נאָך געווען אַ שטיק צו באַגינען, האָט זיך דאָס יינגל אַליין אַ כאַפּ־אויף געטון פון שלאָף מיט אַ געשריי און אויפגעזעצט זיך אויפן געלעגער.

די מוטער איז שוין געווען נעבן אים.

— וואָס איז? וואָס איז דיר, זונעלע?—האָט זי געפרעגט פאַרזאָרגט.

ער האָט נישט געענטפערט. ער האָט געקוקט אויף איר מיט ברייט פונאַנדערגעעפנטע אויגן, דאָס מויל האָט אים געציטערט, דער שטערן—באַדעקט מיט אַ קאַלטן שווייס. דאָס צעשפּילטע העמד אויף די ברוסטן האָט זיך געהויבן פון דאָס שטאַרקע, כמעט הויכע קלאַפּן פון האַרץ.

די מוטער האָט אים אַרומגענומען מיט די אָרעמס.

—וואָס איז עס דיר, זונעלע, וואָס איז עס דיר?—האָט זי געפרעגט, טוליענדיק דעם יינגל, אַזוי ווי אַ קליין קינד.

ער האָט זיך לאַנג נישט געקאָנט באַרויקן.

—גאָרנישט, מאַמע—האָט ער ענדליך אַרויסגערעדט מיט אָנשטרענגונג—גאָרנישט... נאָר—ס'האָט זיך מיר געחלומט... אַז... אַ דונער האָט אין מיר אַריינגעשלאָגן.

די אלמנה איז פֿאַרשטאַרט געוואָרן, אָבער זי האָט עס דעם זון נישט געגעבן צו דערקענען. זי האָט געוואָלט רעדן, נאָר דאָס קול איז איר פֿאַרשפּאַרט געוואָרן אין דער ברוסט.

דאָס ייִנגל איז געזעסן אויפֿן טאַפּטשאַן אַ שטייפֿער, אַ גלייכער, קוקנדיק פֿאַר זיך מיט אַ צעשראָקענעם בליק.

–אַ דונער, מאַמע—האָט ער געזאָגט מיט אַ שטיל, אָפּגעריסן קול—אַזאַ רויטער, אַ שרעקליכער אַזוי ווי אַ וואַמפּיר. אויף דער ברוסט איז ער מיר געפֿאַלן, מאַמע... אַזאַ שרעקליכער... רויטער...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און האָט הויך געסאַפּעט.

די אלמנה האָט זיך ווי ס׳איז באַהערשט.

וואָס דאָרט, זונעלע!—האָט זי געזאָגט, גלעטענדיק אים איבער דער צעברענטער באַק—וואָס דאָרט!... אַ חלום איז אַ נאַר, גאָט איז אַ האַר. וואָס דאָרט, זונעלע!...

און ווען דעם ייִנגל האָבן די ציין הויך אַ קלינג געטון, האָט זי זיך צוגעזעצט נעבן אים, האָט צוגעדריקט זיין קאָפּ צו אירע אויסגעטריקנטע בריסטן און האָט אים געוויגט אַזוי, ווי ווען ער איז געווען אַ זויג-קינד.

דאָס ייִנגל האָט זיך איינגעשטילט, ענדליך זיך באַרויקט און צוריקגעפֿאַלן אויפֿן קישן.

—זאָל די מאַמע שוין גיין—האָט ער געזאָגט—זאָל די מאַמע גיין לייגן זיך... איך וועל איינשלאָפֿן...

נאָר ער איז נישט איינגעשלאָפֿן. ער איז געלעגן אויפֿן נאַקן מיט ברייט פֿאַרנאַנדערגעעפֿנטע אויגן, פֿאַרקוקט אין די שטערן, וואָס האָבן זיך געלאָשן אויף מזרח-זייט הימל.

זי האָט אַ קוק געטון אויף אים איינמאָל און נאָכאַמאָל.

—און פֿאַרוואָס שלאָפֿסטו נישט, זונעלע?—האָט זי געפֿרעגט

—כ׳קאָן נישט, מאַמע...—האָט ער שטיל זיך געקלאָגט.

זי איז צו געגאַנגען און האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן אים.

—קוועל דיך גאָר נישט! צי דען דאַרויף באַהאַלט עס דער דאַרבאַרמדיקער גאָט די דונערן אין הימל, אַז ער זאָל גאָר מיט זיי אַן אָרימע אלמנהס איינציקע זונעלע דערהרגענען? גאָט וועט

דאָס נישט דערלאָזן... און איך קאָן דיר דאָס זאָגן, אַז אַ דונער באַדייט אַ חתונה, ווען ער חלומט זיך אַ יינגעמאַן, אָדער אַ מיידל. אָט וואָס, זעסטו אַ דונער באַדייט... איך האָב דאָך אַ פּתרון חלומות, ווייס איך.

זי האָט דאָס געזאָגט מיט אַ שמייכל, כמעט פריילעך, פירנ־דיק מיט די אויסגעטרוקנטע האַנט איבער זיין שטערן און גלעטנ־דיק אים די האָר, ביז דאָס יינגל האָט אָנגעהויבן ווערן גוט גע־שטימט און האָט זיך אויך צעשמייכלט.

— איז זאָגט די מאַמע, אַז אַ חתונה? — האָט ער געפרעגט.

— אודאי, נישט עפּעס אַנדערש, חלילה. אַ חתונה, אַ רוישנ־דיקע חתונה...

דאָס יינגל האָט זיך פאַרטראַכט און אין אַ ווײַלע אַרום געזאָגט:

— טאָ וועל איך שוין אויפשטיין, מאַמע...

— שטיי־אויף, זונעלע, שטיי־אויף... כ'וועל אָפּקאָכן פריש־טיק, אַז דו וועסט איבערבייסן, וועט עס דיר איבערגיין.

עס איז ווי־ס'איז איבערגעגאַנגען. יענעם פרימאָרגן איז אַפילו פריילעכער געווען אין שטיבל, ווי שטענדיק, ווייל דאָס יינגל, האָבנדיק אַ סך צייט, האָט אויף איבעריאָגעניש מיטן דראָסל אויסגעפייפט איין לידל נאָכן אַנדערן, ביז דער פויגל איז הייזע־ריק געוואָרן און ווען סאיז געקומען צו זאָגן, וואָס האָט זיך איר פערוואָלט יאַגדעס, האָט ער געפייפט אַזוי טרויעריק, עפּעס אַזוי ווי ס'וואָלט ווער געזונגען אונטער דער נאָז. האָט מאַרציש זיך גוט אָנגעלאַכט, די מוטער האָט זיך אָנגעלאַכט און אַזוי האָבן זיי זיך אין פרייד צעשיידט. אַז ער איז אַרויסגעגאַנגען, איז די אלמנה שטיין געבליבן ביי דער טיר און האָט זיך איינגעהערט אין די טריט, וואָס האָבן זיך דערווייטערט. זיי זענען געווען לייכטע, הייטערע, פרייע, ווי געוועגליך יינגע פיס... אַפילו די קרומע און דורכגעפוילטע טרעפּן האָבן היינט נישט אַזוי געסקריי־פּעט, ווי שטענדיק. ערשט ווען דאָס יינגל האָט אונטן די טיר הינטער זיך צוגעקלאַפּט, האָט זיך דאָס האַרץ אין איר אַ וואָרף־געטון מיט עפּעס אַ פּלוצלינגדיקע שרעק, אַזוי טויב איז דער קלאַפּ געווען,

אונטערערדיש און מיט אַזאַ מוראַדיקן עכאָ האָט ער זיך אָפּגעשלאָגן אינעם ליידיקן פֿאָדער-הויז. זי איז אונטערגעלאָפֿן צום פֿענסטערל, כּדי נאָכצוקוקן דעם זון.

ער איז געגאַנגען לייכט, איילנדיק, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און ווען ער האָט שוין געדאַרפֿט אַדורכגיין דאָס טירל אין דער פֿאַבריק-מויער, האָט ער זיך אויסגעדרייט און אַ קוק געטון אין דערהייך, אפשר אין פֿענסטערל, און אפשר סתם אַזוי...

אין אַ ווײַלע שפּעטער האָט אַ געדיכטער, שוואַרצער רויך געשלאָגן פֿון פֿאַבריק-קוימען.

שעה'ן זענען פֿאַרבײַ. אינעם ציכטיק-צוגעקליבענעם שטיבל איז געוואָרן שטיל; דער אַלטער זייגער מיט דער בלענדענדיקער רויז אויף דעם געל-געוואָרענעם ציפֿער-בלאַט, האָט פֿויל געציקט אויף דער וואַנט, דער דראָסל האָט געפּרובט די פֿריילעכסטע לידער, קעמפּנדיק קאָמיש מיט זיין הייזעריק קול, און די אלמנה מיטן געדאַנק אפשר וועגן יענעם חלום פֿון איר זון, וואָס האָט באַדייט אַ חתונה—האָט איבערגעקוקט אירע יום-טובדיקע מלבושים.

פּלוצלינג האָט זיך צוטראָגן אַ מוראַדיקער קלאַפּ. די ווענט האָבן זיך אַ טרייסל געטון און ס'האָבן זיך אַ שאָט-געטון שטיקלעך פֿון קוימען. דאָס פֿענסטערל איז מיט אַ קלונגערײַ אַרויסגעפֿאַלן. אַ גרויסער, פֿייערדיקער זייל רויך האָט אַ זעץ-געטון צום הימל צוזאַמען מיט אַ רעגן פֿון ציגל און גרויסע, אָפּגעבראָכענע שטיקער פֿונם צעלייגטן קוימען, פֿאַרפֿילנדיק דער שטוב מיט אַ שרעקליכע שיין. די אלמנה אַזוי ווי זי איז געשטאַנען, אַזוי איז זי פֿאַרשטיינערט געוואָרן, ווי אַ סלופּ. איר פֿאַרשטאָרבן מויל האָט קיין איין געשריי נישט אַרויסגעלאָזט. בלויז וואָס די גרויע האָר האָבן זיך איר אויפֿגעשטעלט איבערן שטערן, בלויז וואָס די אויסגעברייטערטע אויגן-אַפּלען זענען ווייס געוואָרן, אַזוי ווי ביי אַ מת פֿון עפּעס אַ פּלוצלינגדיקן פּחד...

זי האָט אפשר נישט געהערט אַפֿילו דאָס ווילדע געטומעל וואָס האָט געשלאָגן פֿון דער גאַס:

—דעם קעסל-אויפֿזועער!.. דעם קעסל-אויפֿזועער דערהרגעט!

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

לאַנגע יאָרן נאָך שפּעטער פֿלעגט זי זיצן אין דעמזעלבן פֿענסטערל, קוקנדיק מיט אַ אומנמוטיקן, טריבן-בליק אויפֿן פֿאַבריק-קוימען, פֿון וועלכן סהאָבן געשלאָגן אין דער הייך גרויע זיילן רויך.

דערדאָזיקער רויך אָבער האָט שוין איצט נישט אָנגענומען די אַמאָליקע פֿאַרשידענע געשטאַלטן, נאָר האָט זיך שטענדיק פֿאַרוואַנדלט אין אַ נעפּל-געשטאַלט פֿון איר טייערן ייִנגל. זי פֿלעגט זיך דאַן אַ ריס-טון פֿונם בענקל און אויסציען די ציטערדיקע, אויסגעטרוקנטע הענט. נאָר דער ווינט פֿלעגט דאָס נעפּל-געשטאַלט אוועקטראָגן און פֿאַנאַנדערווייען עס ערגעץ אין די הימל-בלויקייטן...



זי האָט זיך אַ הויב אונטער געטון אויף דעם הויך אויס־געבעטן געלעגער און איז געבליבן זיצן.

— יעזו... יעזו... האָט זי מיט אַ שטילער, הייס־פיבריקער שטים געשעפטשעט—וואָס איז דאָ צוהאַנדן געקומען?.. וואָס איז דאָ געשען?..

זי האָט צונויפגענומען דאָס העמד אויף דער ברוסט און האָט זיך מיט אומרויִקע, ברייט־אויפגעריסענע אויגן אַרומגע־קוקט איבער דער שטוב.

אין שטוב איז קיינער נישט געווען. אויפן קוימען האָט זיך שוין געלאָשן ס׳לעצטע ביסל פייער, וועלכעס האָט נאָך מיט בלאָ־כיאָלעטע פלעמלעך געצאַנקט צווישן די נישט דערברענטע האָלץ־קוילן. אַ געלער האָריקער הונט האָט פאָרזיכטיק אַרומגע־שמעקט די נישט אויסגעוואַשענע טעפ נאָכן געקעכץ, אַ שטויס טוענדיק אַלע מאָל מיט דער נאָז אָן די לעפל און קאָך־לעפל. פון הינטער דער טיר אין פאָדער־הייזל האָט זיך געהערט אַ שאָרכן און אַ פליגל־פאָכן פון עופות אונטערן דאַך.

ס׳איז שוין געווען טונקל. פון דעם בלאָען ליכט, וואָס האָט אַריינגעדרונגען דורך די מוטנע שויבן פון דעם קליינעם פענסטערל, איז דאָס שמאָלע און טונקעלע געזיכט פון קריסטען, וועלכע איז געזעסן פונקט קעגנאיבער, געווען פאַרצויגן מיט אַ מין בלאָלעכן אָפּשיין, אין וועלכן עס האָבן זיך מאָדנע בולט

אויסגעטיילט אירע קליינע, פולבלוטיק־שוואַרצע ליפּן און אירע פון היץ צעגליטע, בלישטשענדיקע אויגן הינטער די לאַנגע וויעס.

אַ טיפע פאַרנאַכטיקע און שפּעט־הערבסטיקע שטילקייט האָט גערוט אין דאָרף. יעדער אָפּקלאַנג פון לעבן האָט זיך פאַרבאָרגן הינטער די פאַרמאַכטע פלויטלעך, אין די כאַטעס, דורכדרינגנדיק דאָ אַהער מיט אַן אומדייטלעכן עכאָ.

אין די ווינקלען פון שטוב זענען די שאָטנס אַלץ געדיכ־טער געוואָרן, וועבנדיק זיך אַרום קוימען און אונטערן נידריקן בעליק, וואו עס זענען אויף אַ פאַרשטעקטן פלאָקן געהאָנגען פאַרשידענע בגדים.

אין דער שטילקייט האָט זיך איצט דערהערט אַן אָפּהילך פון האָלץ האַקן. די קרעפטיקע, נישט געאיילטע קלעפּ האָבן זיך געהערט פון דער נאָנט.

קריסטא האָט זיך אַ ווײַלע צוגעהערט דערצו, קוקנדיק שטאַר צום פענסטערל, וואָס האָט זיך געבלאָט אין שאָטן, דער־נאָך האָט זי אויפגעהויבן בײדע דאַרע הענט צו די שלעפן און צומאַכנדיק די אויגן, האָט זי זיך גענומען שאָקלען, ווי אין שטו־מער פאַרצווייפלונג.

פון הינטער דעם ווייסן, דינעם, לויז אַרומגעבונדענעם טיכל זענען איר די שוואַרצע האָר אַפּערגעפאַלן איבער די פינגער. אַ געוואַלטיקע פאַרביטערונג האָט זיך געשלענגלט אַרום אירע פאַר־טריקנטע ליפּן, איר ברוסט האָט זיך האַסטיק און הויך געהייבן אונטער דעם גראָבן ליינען־העמד.

פלוצלינג האָט קריסטא אָפּגעקערט דעם קאָפּ אָן אַ זייט און האָט פאַרהאַלטן דעם אָטעם.

צופּיסנס, אין ווינקל בעט איז געלעגן אַ קישעלע אַרומגע־בינדן מיט אַ טיכל, פון וועלכן ס׳האָט זיך געהערט אַ שטיל פּישטשען. קריסטא האָט מיט אַ טעמפּן, פאַרגליווערטן בליק זיך איינגעקוקט אין דעם ווינקל.

די הענט האָבן זיך איר אַראָפּגעלאָזט, זי האָט געעפנט דאָס מויל.

— ווען אַנטעק!.. — האָט זי האַלב שעפּטשענדיק אַרויס־גערעדט. — ווען אַנטעק זאָל אַזוי איצט!.. ליבער יעזוס!..

זי האָט ברייט געעפנט די אויגן, די ציין האָבן איר גענומען קלאַפּן, איר גאַנץ געזיכט האָט אויסגעדרוקט אַ גע־וואַלדיקע אומקלאָרע שרעק. דאָס פּישטשען איז דערווייל שטי־לער געוואָרן און דערנאָך אינגאַנצן אויפגעהערט.

קריסטאַ דאָט אויסגעשטרעקט די הענט, האַסטיק זיי פאַר־בראָכן און פאַרוואַרפנדיק זיי איבערן קאָפּ, איז זי מיט אַ פאַר־שטיקטן קרעכץ געפאַלן אויפן קישן.

עס איז שטיל געוואָרן.

עס איז שוין געווען גוט פינסטער, ווען הינטערן פענסטער האָט זיך דערהערט איילנדיק טאַפּטשנדיקע טריט. עמעצער האָט גייענדיק זיך געשטרויכלט, געמורמלט און געזוכט אַ וועג.

דער ערשטער האָט דער הונט דערשפּירט, אַז דאָס גייט די בעל־הביתטע און אַראָפּלאָזנדיק דעם וויידל, האָט ער זיך גאַנץ זאַכט געלאָזט צו דער טיר.

די אַרײַנקומענדיקע אַלטע קאָרבאָוויאַטשקא האָט זיך גלייך אויף דער שוועל אָנגעשטויסן אָן אים.

— אַלע מיינע חלומות! אַוועק! אין בודע אַריין!.. ווער לאָזט דאָס אַ הונט צווישן טעפּ?.. ר'האָט מיך שיעור נישט, צו אַלדי רוחות איבערגעדרייט! שלאָפסט, טאָכטערשי? — און נישט וואַרטנדיק אויף ענטפער, האָט זי לויטן אָפּשיין פון די בלאָלעכע שייבלעך צוגעטראָפן צום פענסטערל און האָט אויפן בענקל, וועלכעס איז דאָרט געשטאַנען אַנידערגעלעגט די זאַפּאַסן, וואָס זי האָט אין שטאָט איינגעקויפט.

דערווייל איז די איבערגעוועקטע קאַץ אַראָפּגעשפּרונגען פון אויוון און האָט שטיל מיאַוקנדיק זיך געריבן אַרום איר.

— אַפּשיק! — האָט די אַלטע אויסגעשריען. — דו פעלסט מיר נאָך! דו וועסט מיר נאָך דאָ זיך פּלאָנטערן אונטער די פיס!..

זי איז צוגעגאַנגען צום קוימען, אָנקלאַפּנדיק זיך אויפן וועג אָן די שעפעלעך און בענקלעך.

— אויפן קוימען איז פינסטער, אין שטוב איז פינסטער, מ׳דאַרף האָבן ניסים כ׳זאָל דאָ אין דעם חושך נישט צעברעכן עפּעס! שלאָפסט, קריסטא?

זי האָט זיך אַראָפּגעזעצט פאַרן קוימען און האָט שטאַרק געגומען בלאָזן, הוסטנדיק און בורטשענדיק.

פון אונטערן טליענדיקן אַש האָט זיך אַ כאַפּ געטון אַ פייערל און באַלד האָט זיך דאָס ביסל שפּענער, וואָס זי האָט אַרויפגעוואָרפן צעברענט מיט אַ קנאַקערײַ און אַ העל פייער האָט באַלויכטן דאָס פאַרוועלקטע, געקנייטשטע, ענערגישע געזיכט פון דער אַלטער קאָרבאַוויאַטשקא אויך די שפּיצן און פליטערלעך אויף איר האַלז.

פון דעם דאָזיקן שיין האָט קריסטא געעפנט אירע פאַר־מאַכטע אויגן.

— אַ טרונק! — האָט זי מיט אַ שוואַכער שטים גערופן.

די מוטער איז שוין געווען נעבן איר און האָט איר דער־לאַנגט דאָס בלעכענע האַלב־קווערטל מיט וואַסער.

— טרינק צו רפואה שלמה, טאָכטערשי, טרינק! אַז דו ווילסט וועל איך דיר טיי אויך אויפקאָכן...

זי האָט זיך אַריבערגעבויגן איבערן בעט, אויסציענדיק די הענט צום אַרומגעבונדענעם קישעלע.

— נו, יינגל, שלאָפסט? ר׳האָט נישט געשריגן? געלויבט צו גאָט, זאָל ער שלאָפן, אַ כח אין זיינע ביינדעלעך אַריין׳ וואו איז פאַוועל? ער האַקט האָלץ? ער וועט נאָך מוזן איידער ס׳ווערט שפּעט, פאָרן אין שטאָט נאָך מעל...

זי האָט געגעדערט אַליין צו זיך, אַרומדרייענדיק זיך איבער דער שטוב, אַליין פרעגנדיק און אַליין ענטפערנדיק.

זי האָט אָנגעצונדן דאָס לעמפּל, וואָס איז געשטאַנען אויף דעם מויערל איבער דעם קוימען, זי האָט צוגעוואָרפן אַ האָלץ צום פייער, אַריינגעשטעלט די טעפּ און די שיסלען אין וואַש־שעפל, האָט איבערגעדרייט די מילטער פונם טייג, וואָס האָט זיך געטריקנט, מיטן דנא אַרויף, דערנאָך איז זי צוגעגאַנ־גען צו דער באַנק.

— צו איז דאָ אַלדינג, צי איז נישטאָ! — האָט זי באַ־קוקנדיק די פּעקלעך, וואָס זי האָט איינגעקויפט, גערעדט. — טיי און „האראק“ איז דאָ, לונג־און־לעבער איז דאָ, קישקע איז דאָ, ייִף איז דאָ, צוקער איז דאָ...

זי האָט זיך אומגעקוקט צו דער קראַנקער:

— בראָנפן אַ טאָפּ וועל איך נאָך דאַרפן נעמען, נאָר דעם בעסערן, געווירץ און צימרינג צוצוטוען אויך. חזיר־שמאַלץ געזאַלצנס האָב איך געברענגט, ס׳וועט זיין אַ טעם אין די אַרבעס. באַשמעקט פלייש צום באָרשט האָב איך אויך געקויפט ביי וואָנכאַטשן! אַ גילדן מיט איין און צוואָנציק גראָשן האָב איך דערפאַר באַצאָלט. האָט צו זיין אַ סעודה אויף די „כזשטשי־נעס“, זאָל עס שוין הייסן אַ סעודה!

קריסטאַ האָט שטיל געקרעכצט.

די מוטער איז צוגעגאַנגען צו איר און בלייבנדיק שטיין נעבן בעט, האָט זי מיט איר שוואַרצער, ביינערדיקער האַנט גע־גלעט דער קראַנקער איבער איר גליענדיק געזיכט.

— וואָס קרעכצסטו אַזוי, טאָכטערשי, וואָס? וואָס גריבלט דיר דאָרט?.. וואָס טוט דיר אַזוי שטאַרק וויי?..

קריסטאַ האָט טיף אָפּגעזיפצט.

— אוי, ס׳טוט מיר וויי, מאַמע, ס׳טוט מיר וויי! אוי, ס׳האַרץ, מאַמע, טוט מיר אַזוי ווי איבער אַנטעקן, אַז...

זי האָט נישט געענדיקט און האָט זיך צעוויינט.

די אַלטע האָט זיך פאַרלוירן און אַנידערזעצנדיק זיך אויפן בעט, האָט זי אונטערגעשפּאַרט די גאָמבע און האָט אַ ווײלע געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— וואָס איז דיר, טאָכטער, עפּעס ווידער אַנטעק געקומען אין קאָפּ אַריין? וואָס טויג דיר ווידער אַנטעק?.. ער ליגט שוין דאָרט נעבעך, לאַנג אין דער ערד! צוויי יאָר, טאָכטער, איז שוין גענוג! ער וואָלט זיך דאָך כאָטש מיט איין וואָרט אָפּגערופן, ווען ער זאָל לעבן. קאַצפּערן מאַלגאָשקע קאָוואַל־טשאַנקעס, האָט מען דאָך אויך דענצמאָל צוגענומען און וואָס יענער האָט שוין אויסגעשריבן!.. ווייט, ווייט, נו, ס׳איז טאַקע

ווייט! אָבער פונדערווייטנס קומען דאָך פּאָרט בריוו, מעג עס זיין פון ווי ווייט, אויף דעם איז דאָך דאָ קעפּ, וואָס גיבן זיך אַן עצה! פון מעבר־לים קומט עס אויך אָן. ווען ער וואָלט אַליין נישט געקאָנט, וואָלט ער דורך מענטשן געשיקט. פאַר־וואָס ווייסט מען אין דאָרף וועגן אַלע וואָס זענען אַוועק, וואָס און ווען, און וועגן אים, נעבעך, איז קיין פּיפּס נישטאָ... ווי אַ שטיין אין וואַסער!..

זי האָט אָפּגעזיפצט און אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי ווײַ־טער גערעדט,

— אַנטעק... אַנטעק!.. וואָס קאָן דיר שוין נעבעך אַנטעק העלפן, אפילו ווען ער וואָלט געווען געלעבט? ס׳וואָלט נאָך אפשר געווען ערגער!.. נאָר ער לעבט דאָך נישט, ניין! כ׳זאָל אַזוי נחת האָבן, ווי ער לעבט נישט! נאָך אייערנעכטן האָט ער, זאָל זיין אָפּגעשיידט, זיך מיר געחלומט, ווי ער גיט די שעפּסן זאַלץ צולעקן, זאַלץ, אַזאַ גראָס, ווי דאָס אַש אויפן קוימען. וואָס דען הייסט דאָס, אַז נישט טויט? די גאַנצע וועלט ווייסט דאָך, אַז זאַלץ באַטייט טויט... דו טאָכטערשי, שלאָג דיר, ווי ווייט דו קאָנסט, אַנטעקן פון קאָפּ אַרויס. ער וועט שוין נעבעך צו דיר נישט צוריקקומען, ניין!..

זי האָט אויפגעהויבן דאָס פאַרטוך און האָט זיך אויסגע־ווישט די אַלטע אויגן. קריסטא האָט ביטער געוויינט. אַ שרעק־לעכער ווייטאָק האָט איר פאַרקלעמט אונטער דער ברוסט, וועלכע האָט זיך געהויבן און צוריקגעפאַלן, געהויבן און צוריקגעפאַלן. אירע מאָגערע אַקסלען האָבן זיך געטרייסלט, די פאַרבראָכענע פינגער פון די הענט, פאַרוואָרפן אויפן געלענגער, האָבן זיך קראַמפּהאַפט געדריקט. פון אונטער די צוגעמאַכטע אויגן־לעד־לעך זענען געפאַלן געדיכטע, הייסע טרערן.

אַ ווײַלע איז שטיל געווען. די קוילן אויפן קוימען האָבן זיך אויסגעברענט און גענומען צאַנקען, קנאַקנדיק. דער אָפּשיין פון די לעצטע פלעמלעך האָט זיך געשאַרט איבער די כלים, איבער די ווענט, נאָכשלעפנדיק נאָך זיך מאָדנע צאַפּלנדיקע שאָטנס.

פלוצלינג האָט קריסטא אויסגעשטרעקט די פאַרבראָכענע הענט און האָט אַ קוק געטון אויף דער מוטער מיט אַ מין פאַרצווייפלטן פאָרוואורף.

— אַך, מאַמע, מאַמע, מאַמע... נאָכוואָס, נאָכוואָס האָסטו מיר אַ „פּאַראָבעק“ אין שטוב אַריינגענומען;

די אַלטע האָט אַראָפּגעלאָזט דאָס פאַרטוך, האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און האָט מיט אַן אָפן מויל, פון פאַרוואונדערונג געקוקט אויף דער קראַנקער.

— וואָס רעדסטו, טאָכטער? דו ביזט חסר דעה צי וואָס?.. צלם דיך נאָר גיכער איבער מיט דער לינקער האַנט!.. און ווער וואָלט זיך געפּאָרעט אַרום די בהמות און די פערד? ווער וואָלט געזען ס׳זאָל זיין שטייערן צו צאָלן פון דעם ביסל אָרימקייט אונזערס? ווער וואָלט אויפן יריד געפאָרן? ווער ווער וואָלט געדאַרט ווענן דעם אַלעם? ווער וואָלט געשאפט, ווען דער איז נישטאָ? וואָס רעדסטו, טאָכטער?..

זי האָט אַלץ העכער גערעדט, אַלץ מער אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, אַלץ ברייטער געעפנט אירע קליינע גראָע אויגן, זי האָט אַלץ מער קאַפּוירגעהויבן די ברעמען און געקנייטשט דעם שטערן, ווי זי וואָלט צעמישט געוואָרן פון פאַרוואונדערונג.

— וואָס רעדסטו?.. וואָס רעדסטו, טאָכטער...

אָבער קריסטא האָט דאָס, ווי נישט געזען און נישט גע־הערט.

— אַך, מאַמע, מאַמע! — האָט זי מיט אַ ווייטאָקלעכער שטים אַלץ אינאיינעם געחזרט. — נאָכוואָס איז ער דאָ כסדר אין שטוב געזעסן? נאָכוואָס האָט ער טאָג און נאַכט קיין אויג פון מיר נישט אַראָפּגעלאָזט?.. נאָך וואָס איז ער מיר כסדר אין די אויגן געקראָכן?.. אַך, מאַמע, מאַמע!..

איר שטים איז פאַרשטיקט געוואָרן, די מידע הענט האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט. זי איז געלעגן אַהינטער זיך, מיט איר קליין מאַט־בלייך געזיכט, וועלכעס האָט זיך געבלייכט אין דער פינס־טערקייט פון שטיבל אַרויף צום בעליק. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי זיך אָנגערופן מיט אַ שטיל הייס שעפּטשען:

— צי בין איך דען געלאָפן צו די טענץ? צי פלעג איך זיך דען אין דרויסן אַרויסשטעלן? צי בין איך דען ווען נאָכ־געלאָפן?.. איך האָב דאָך געוואָלט טריי בלייבן!.. כ'האָב גע־וואָלט וואַרטן... אַזוי ווי איך האָב צוגעשוואוירן, אַזוי האָב איך געוואָלט לעבן! און כ'האָב נישט געקענט.. כ'האָב נישט גע־קענט!..

די אַלטע האָט שטיל אָפּגעזיפּצט.

— ס'איז טאַקע אמת! ס'איז טאַקע, נעבעך, אַלץ אמת!.. אָבער וואָס קען מען טון? וואָס פאַר אַן עצה איז דאָ?.. ס'וועט שוין דיר, נעבעך, איצט קיינער נישט העלפן!

עס איז ווידער שטיל געוואָרן.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט קריסטאַ גענומען רעדן מיט זיך אַליין:

— ער האָט מיר אַזוי געגלייבט! ווי זיין אייגענער נשמה, אַזוי האָט ער מיר געגלייבט!.. געדענק, קריסטאַ! — האָט ער געזאָגט. — געדענק, קריסטאַ!.. דער סטראַזשניק האָט אים שוין פון הינטן נאָכגעשטופּט, אַנדערע זענען שוין געווען אויף דער בריק און ער האָט נאָך אַלץ אומגעדרייט דעם קאָפּ און האָט נאָך אַלץ גערופן צו מיר: געדענק, קריסטאַ! און אָט ווי אַזוי איך האָב געדענקט! אָט ווי אַזוי איך בין טריי געווען!

אַ פאַרמאַטערטע איז זי שטיל געבליבן און האָט נאָר שווער געאָטעמט.

די קלעפּ פון האַלץ־האַקן הינטער דער וואַנט האָבן אויפ־געהערט, עמיצנס שטאַרקע הענט האָבן מיט כח געוואָרפן די שטיקער נישט־צעהאַקטע האָלץ אין דער שאַפּע אַריין. די מוטנע שייבלעך זיינען העלער געוואָרן און האָבן אויפגעלויכטן מיט העל־בלאָ. די לבנה איז אויפגעגאַנגען.

די אַלטע קאַרבאָוויאַטשקע איז געזעסן איינגעהויקערט, אונטערגעשפּאַרט די גאָמבע מיט דער פויסט און האָט געקוקט און קוימען. די גראָע אפּלען פון איר'ע קליינע אויגן האָבן גע־קוקט שטאַר, ווי גלעזערנע. אפשר האָט זי זיך איצט דערמאָנט אַלטע צייטן, אפשר אַמאָליקע צרות.

— נישט מיט אונז האָט זיך דאָס אָנגעהויבן — האָט זי צנדלעך, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ זיך אָנגערופן — און נישט מיט אונז וועט דאָס זיך אויסלאָזן. ס'איז נאָך נישט געווען די זעל־נערקע אין דאָרף, וואָס זאָל אויסהאַלטן. ס'איז טאַקי נעבעך שלעכט, ס'איז טאַקי אַן עבירה, נאָר וואָס קאָן מען טון? איבער־בעטן אונזער ליבן יעזוסן און שוין!

איך האָב דיך, טאָכטער, ג״היטן, כל־זמן ביסט געווען אַ מיידל; דערנאָך ביסטו שוין געווען אַ בעל־הביתטע פאַר זיך... האָסט נישט גוט געטון... אַ צרה... נאָר וואָס קאָן מען טון?..

דיר, טאָכטער, איז נאָך נישט שלעכט! רוסט זיך אויס אונטערן וואַרימען איבערבעט, קיינער נייט דיך נישט אויפצושטיין אויפן דריטן טאָג צו דער אַרבעט, קיינער טרייבט דיך נישט, די מאַמע דערלאַנגט דיר, באַדינט דיך... דאָ דאָס... דאָ יענץ... אַנ־דערע האָבן נישט דעם קאָפּ וואו אָנצושפּאַרן, ליגן ביי פרעמדע מענטשן אויף אַ פרעמד געלעגער... און וואָס קאָנען זיי טון... אַז אַזעלכע קומט צו אייגענע אפילו פאַרגינט מען איר נישט אַפילו קיין לעפל וואַרעם וואַסער און זי באָדט דאָס קינד נעבעך מער אין טרערן, ווי אין וואַסער... און וואָס קאָן זי טון? אַן אַנדערע האָט דאָך אַפילו נישט ווער עס זאָל זיך פאַר איר עולה אָננעמען, מ'מאַכט זי אומגליקלעך און מ'לאַכט זיך נאָך אויס פון איר, זי שעלט אים, דעם כל־בוניק און ער שטייט און פ״פט זיך צו. — ווייס איך דאָרש! — זאָגט ער... און דו, טאָכטער, האָסטו דיר, געלויבט צו גאָט, גאָר אַנדערש! איך רעד דיך נישט צו, ניין, איך בין אַ מאמע, ס'וואָלט געווען אַן עבירה פאַר גאָט, ווען איך זאָל דיר דערציילן מעשׂיות, אַזוי, צי אַזוי! נאָר פּאַוועל איז אַ יונג צו דער אַרבעט, ער האָט אַן אייזערנעם קאָפּ צו אַלצדינג, ער איז נישט פויל, ער טרינקט נישט, ער ברענגט נישט אויס קיין געלט, לויפט נישט נאָך קיין אַנדערע. מיך אַלטע, שאַנעוועט ער, קיין עכירות מאָנט ער נישט, איז דאָך נישט פאַראַן וואָס צו קלערן, נאָר פאַר זיין ליבן נאָמען יעזוסן, און מנדר זיין צו דער חופה. וואָרום אַ ליאַדע מינוט איז שוין דאָ אין קאַנצעליאַריע אַ פּאַפּיר...

— אוי, ניין, מאַמע, אוי, ניין! — האָט איר קריסטא מיט אַ שטילער מידער שטים איבערגעריסן. — דאָס וועט קיינמאָל נישט זיין, ניין און ניין... כ'וויל נישט פּאַוולען, מאַמע, כ'וויל נישט, ער זאָל מיר אַפילו גאָלד שפּינען, כ'וויל נישט! ער האָט געוואוסט, דער עבודה־זרהניק, אַז מיך ציט צו אנטעקן, און ער האָט מיך נישט דורכגעלאָזט! אוי, ער האָט מיך פאַרנאַרט, ר'האָט מיך צעתמ'ט... ער האָט מיך געפאַנגען, ווי מ'פאַנגט אַ פישל אויף דער יבשה! ווי דאָס פייגעלע אין דער נעסט!.. עס זאָל אים דאָרט, דעם עבודה־זרהניק...

די אַלטע האָט זיך שנעל אַ הויב געטון.

— וואָס וועסטו אים דאָרט שעלטן, טאָכטער. נישט געשען זאָל עס, אין אַ שלעכטער שעה! ער האָט דיך גאָרנישט געגנייט, דו האָסט אים טאַקי אויך געחנדלט...

— אוי, חנדלען, חנדלען, אוי, זאָל עס נישט געדאַכט ווערן! כ'וואָלט שוין ליבערשט געקוקט אויף דעם אָשין־ביימל, וואָס מ'מאַכט דערפון ברעטער צו טרומנעס, ווי אויף אים! אוי, כ'זע עס ערשט איין, ווי כ'זע דעמדאָזיקן ליינען־קנויל!.. ער איז מיר שוין פאַרמיאוסט, דער עבודה־זרהניק! ווען נישט ער...

די אַלטע האָט זיך אומרויִק אַ הויב געטון.

— נאָך וואָס זאָלסטו אויסרעדן, טאָכטערשי! וואָס איז פאַראַן צו זאָגן! ס'האָט אייך ביידע צונויפגעפאָרט און שוין! אַצינד דאַרף מען נאָר זען, עס זאָל גוט זיין!

קריסטא האָט אָפגעזיפצט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ.

— אוי, ס'וועט דאָ קיין גוטס נישט אַרויסקומען, מאַמע, ניין, ס'האָט זיך שלעכט אָנגעהויבן און ס'וועט זיך שלעכט ענדיקן!

אָבער די אַלטע קאַרבאָוויאַטשקע מיט איר ענערגישע נאַטור האָט שוין גענוג געהאַט דאָס יאָמערן.

— וויי מיר! — האָט זי אויסגערופן, אַ הויב טוענדיק די פון בעט. — איך פלוידער דאָ, און אויפן קוימען איז ס'גאַנצע פייער אויסגעגאַנגען.

זי האָט זיך גענומען בלאָזן אין פייער, צושטעלן טעפּ אויפן פייער, אַז די טיר האָט זיך געעפנט און אין שטוב איז אַריין אַ הויכער פּאַראָבעק, איינבויגנדיק זיך אין דער טיר.

ער האָט געהאַט אַ גרויסן שוואַרצן, געדיכט־האָריקן קאָפּ, אַ פינסטער געזיכט, אַראָפּגעהאָנגענע אַקסלען און אַ קורץ לייבל אויף זיך.

ער איז אַריין מיט אַ ברייטקייט, ווי אַ בעל־הבית, די האַק האָט ער אַוועקגעשטעלט ביי דער טיר, האָט זיך אָנגעטרונ־קען מיט וואַסער פון עמער און האָט זיך געווענדט צו דער קאר־באָוויאַטשקע:

– בעל־הביתטע! פאָרן דאָרט אין וויאַטראַק אַריין נאָך מעל, צי נישט פאָרן?..

– פאָר, פּאַוועלעק, פאָר! – האָט די אַלטע צופרידן געענט־פערט. – איך וועל דיר דאָ דערווייל אָפּקאָכן קאַרטאָפל־קליסקעס אויף מילך!

– וואָס טויג מיר דאָרט קליסקעס!..

ער איז געשטאַנען אין מיטן שטוב, ס'היטל האָט ער אַראָפּ־גענומען פון דער טשופּרינע און האָט זיך געקראַצט אין קאָפּ, קוקנדיק אָנגעכמורעט צום בעט.

– קריסטאַ שלאָפט? – האָט ער ענדלעך געפרעגט.

זי איז נישט געשלאָפן, נאָר אַזוי ווי ער איז אַריין, האָט זי אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער וואַנט און האָט צוגעמאַכט די אויגן.

די אַלטע האָט געשווינד געענטפערט פאַר איר:

– זי שלאָפט נישט, חלילה! פאַרוואָס זאָל זי שלאָפן? ס'איז דען נישט פאַראַן קיין נאַכט צו שלאָפן?

– קריסטא? – האָט דער פּאַראָבעק מיט אַ גראָבער שטים געזאָגט, צוגייענדיק צום בעט.

קריסטא האָט נישט געעפנט די אויגן.

דער פאַראָבעק האָט זיך ביטער צעלאַכט.

– אָהאָ! – האָט ער געזאָגט. – זי וועט זיך דיר אָנ־

רופן! גיכער וועט זיך די וואַנט אָנרופן, איידער זי, אַז זי האָט זיך איינגעשפאַרט!

— וואָס האָט זי זיך דאָרט איינצושפאַרן! — האָט די אַלטע פאַרענטפערט — און אפשר איז זי נעבעך איינגעשלאָפן?..

זי איז צוגעגאַנגען צום בעט און האָט אַ צי געטון דאָס איבערבעט.

— קריסטא! פאַוועל פאָרט אין וויאַטראַק אַריין!

— זאָל ער כאָרן! — האָט די קראַנקע, נישט אויסדרייענדיק דעם קאָפּ געענטפערט.

— טאָ גיב זשע כאָטש אַ קוק אויף אים, אַז דער ליבער יעזוס האָט שוין יאָ אַזוי געמאַכט, ער איז דאָך נישט קיין וואָלף!

קריסטא האָט געשוויגן.

— לאָזט געמאַך, בעל הביתטע! — האָט דער פאַראָבעק פינסטער זיך אָנגערופן — פאַר וועמען איך בין נישט קיין וואָלף, פאַר איר בין איך אפשר אַ וואָלף אויך! שוין נישט פון היינט אָן וויל זי נישט אויף מיר קוקן! לאָזט געמאַך! לאָזט שוין!..

ער האָט גענומען זוכן אין ווינקל דעם זאַק.

די קאַרבאָוויאַטשקע איז צעמישט געשטאַנען נעבן בעט. דערדאָזיקער יינג, וואָס איז אַ מזיק צו דער אַרבעט, האָט אַ קאָפּ צו אַלעם, מאָנט נישט קיין שכירות, איז ווי עס זאָל נישט זיין איר ליב געווען, זי האָט אים געוואָלט טריישאַפט אַרויסווייזן, איינעמען אים, אַ גוט וואָרט אים זאָגן. ער דאַרף דאָך איניגיכן דאָ בעל־הבית ווערן... ער איז דאָך שוין אַצינד כמעט אַן איידעם...

זי האָט גענומען דאָס קישעלע פון צופיסנס אין בעט, און האָט עס אויפגעבונדן.

— קום נאָר אַהער, פאַוועל! — האָט זי אויסגערופן — און גיב נאָר אַ קוק אויפן זון! אַ יינג, ווי אַ נוס! ער זעט אויס גוט און גוט פון אַ וואָך און ער האָט ערשט דריי טעג! אוי, ווי ער האָט מ׳ך אָנגעכאַפּט ביים פינגער! וואָס פאַר אַ גבור

דאָס איז! זעטס נאָר מענטשן, ווי דאָס האַלט פעסט, ווי דאָס קוקט! אַ, זאָלסט דיך געזונט האָדעווען!

זי האָט געלאַכט און געפרייט זיך, אַראָפּגעבויגענערהייט איבערן קינד, איינהילנדיק עס אין די ווינדעלעך און רופנדיק צו פּאַוולען.

דער פּאַראָבעק איז נישט צוגעגאַנגען. ער איז בייז געווען און דער כּעס איז אין אים געוואַקסן. אויף קריסטען איז ער בייז געווען, אויף זיך אַליין, אויף דער אַלטער.

— עפּעס איז דאָ אַן איבערקערעניש געקומען אויף דער שטוב... גאָרנישט נאָר נישט גוטע האָבן זיך דאָ אָריינגעכאַפּט! קריסטאַ וויל נישט קיין קוק געבן, וויל נישט רעדן קיין וואָרט... זי איז קיינמאָל נישט געווען קיין גרויסע רעדערין, אָבער פּאָרט נישט אַזוי ווי היינט! מ׳האָט איר כּישוף געטון אין דער קרענק, צי וואָס? און אפשר אַלץ יענער?.. נישקשה!

ער האָט אין דער שטיל געשאָלטן, מורמלנדיק דורך די ציין, דערנאָך האָט ער מיט כּעס געפרעגט:

— וואָו־זשע איז דער זאַך, וואָס כ׳דאַרף נעמען.

— האָסטו דיר איצט אַ זאַך! — האָט די אַלטע געענט־פערט. — פאַרוואָס גייסטו נישט אַהער, אַז כ׳רוף דיך!

זי האָט זיך געהאַלטן ביי אירס. זי האָט אויך געהאַט איר דיפּלאָמאַטיע. ווי ס׳זאָל נישט זיין, וועט דאָך דאָס קינד סוף כּל סוף שלום מאַכן צווישן זיי. קריסטאַ זאָגט, אַז זי וויל אים נישט, מאַלע וואָס מען זאָגט אַלץ, די ווערטער זענען דאָך נאָר, ווי דער ווינט, וואָס בלאָזט... יענער נעבעך וועט דאָך שוין נישט צוריקקומען, פּאַוועל וועט דאָך סוף כּל סוף דאָ זיין בעל־הבית. זי האָט זיך אַלזאָ געהאַלטן ביי אירס.

דער פּאַראָבעק איז צוגעגאַנגען, שלעפּנדיק די טריט, אָנגעברוגזט און בלייבנדיק שטיין צופיסנס פון בעט, האָט ער ג״ז געקוקט אויפן קינד און אויף קריסטען, וועלכע איז געלעגן אויסגעדרייט צו דער וואַנט.

פּלוצלינג האָט די אַלטע אויפגעהויבן צו אים דעם קאָפּ און האָט שנעל געפרעגט:

– ווי זשע ווע‌לן מיר אים אַ נאָמען געבן, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אויף „שוויענטא אורשולא"?..

– לאָז קריסטא אַ נאָמען געבן – האָט פּאַוועל פינסטער געענטפערט.

די אַלטע האָט אונטערגעשפּאַרט די גאָמבע, האָט זיך אויס־עגלייכט און האָט גענומען נאָכקלערן.

– זאָל מען אים אַ נאָמען געבן וואָיטעק?.. איז שוין אָבער דאָ אַ פּאַרפלייצונג אין ד'אָרף פון וואָיטקעס. און אפשר יאַשעק? האָב איך שוין אָבער ביי דריי יאַשקעס דאָס קוואַטערשאַפט גע־האַט... אפשר גאָר סטאַך?.. ע... ניין! מ'טאָר נישט צו טיף אַריינקוקן, וואָרים ס'ייגל וועט נאָך שיקלען. ווי זשע, קריסטא רוף זיך אָן! וואָס ליגסטו ווי אַ שטיק האָלץ?

– טו'ט אים דאָרט אַ נאָמען ווי איר ווילט! – האָט די קראַנקע אומגעדולדיק געענטפערט.

קארבאָוויאַטשקע האָט אַ פּאַטש געטון מיט די הענט.

– און אַז מ'זאָל אים אַזוי טאַקע אַ נאָמען געבן אַנטעק?.

קריסטא האָט זיך ראַפּטום אַ דריי אום געטון פון דער וואַנט און האָט זיך אויפגעזעצט. די אויגן האָבן איר געגליט, די ברעמען צונויפגעצויגן. דער שטערן געקנייטשט.

– ניין! – האָט זי אויסגערופן, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ. – ניין, נאָר נישט אַנטעק! ווי ס'ווילט גיט אים, נאָר נישט אַנטעק, ניין!

זי האָט גערעדט געשווינט, פיבערהאַפט, מיט אַ צעגליט געזיכט, מיט אויפרעגונג אין דער שטום.

די אַלטע איז אַנטשוויגן געוואָרן. זי האָט נישט געוואוסט וואָס צו זאָגן.

פּאַוועל האָט זיך אָפּגערוקט פון בעט, און ברעכנדיק די פינגער פון איינגעהאַלטענעם כעס, האָט ער דאָס היטל אַ שליי־דער געטון אויף דער באַנק.

אַ ווייל‌ע איז שטיל געווען. קריסטא האָט אויפגעהויבן די הענט צום קאָפּ און האָט זיך געוויגט הין און צוריק. אַ

ביטער געפיל האָט זי פאַרקלעמט ביים האַרץ נאָך דעם פריער־דיקן כעס־אויסברוך.

— אַ קלאָג איז צו מיין קאָפּ! — האָט זי זיך גענומען קלאָגן אויפן קול. — ווײ מיר, ווײ מיין לעבן! עס זאָל שוין איינמאָל אַ סוף נעמען צו מיין לעבן! איר זאָלט מיך שוין אײנ־מאָל פּטור ווערן!..

די אַלטע קאַרבאַוויאַטשקע האָט זי געגלעט איבערן גע־זיכט.

— נו, שטילער שוין, טאָכטערשי, שטילער! שווייג ס׳וועט שוין גוט זיין! אַנטעק איז נישט איין און איינציק אין קאַלענדאַר, נישט איז נישט; און שטילער שוין!

זי האָט זיך געווענדט צום פּאַראָבעק.

— נעם שוין דאָרט, פּאַוועל, אין איין וועגס אַ האַלבן טאָפּ האָניק ביי שימשאָווא! דעם גוטן... זאָלן מענטשן עסן און טרינקען און צופרידן זיין פון אונז...

— וואָס טויג מיר דאָרט מענטשן! — האָט פּאַוועל אַ מורמל געטון—וואָס טויג מיר דאָרט וואָס מענטשן וועלן עסן און טרינ־קען! ווער וועט דאָרט טרינקען!..

— האָב נישט קיין מורא! ס׳וועט דאָ זיין אַ פולע שטוב ביז אין פאָדער־הייזל אַריין! זאָל מען נאָר געוואָר ווערן [illegible] דאָרף, אַז איך קאָך „טשירנינע", זאָלן זיי נאָר דערשנ[illegible] אַ שטיקל לעבער און בראָנפן, וועלן זיי זיך דאָ אָנשטופּן פול! שיסל און לעפל וועלן פעלן און פיסקעס וועלן נישט פעלן!

— מ׳האָט עס טאַקע באַדאַרפן נאָר זאַלבעפירט מאַכן, — האָט דער פּ[illegible]ראָב[illegible]ק פינסטער זיך אָנגערופן, — ס׳קינד בסוד טויפן נישט אַזוי...

ער האָט נישט געענדיקט. די קאַרבאַוויאַטשקע האָט זיך אָנגעצונדן. זי איז געשטאַנען אין מיטן שטוב, זי האָט גענומען די הענט אויף די זייטן און פונקען זענען איר געפֿלויגן פון אירע קליינע גראָע אויגן.

— און דו, וואָס מיינסטו מיט דיר, — האָט זי אויסגע־שריגן, אַ טופּע טועדיק מיטן פוס—פון ווען אָן ביסטו מיר אַזאַ

מין וואוילער ? וואָס האָב איך זיך צו באַהאַלטן פאַר מענטשן?..
וואָס האָב איך זיך צו שעמען ? צי האָט דאָס קריסטא אויפן הויף
געפונען, אָדער אויף אַ פור ? צי האָט זי דאָס מיר אין אַ ליי-
לעך פון ערגעץ געבראַכט ?... זי איז אַ בעל-הביתישע טאָכטער
איז זי... זי איז פאַר זיך אַליין בעל-הביתטע !... אויף איר איי-
גענער ערד, אין איר אייגן הייזל וואוינט זי ! מיט דער מוטער
צוזאַמען וואוינט זי ! אַ מכה וועמען צו איר !...

— אַז דו האָסט דיר געוואָלט מאַכן בסוד מענטשן צו גענאַרן, האָסטו דיר געקענט אַן אַנדערע זוכן ! אַ פּראָסטע אַרבעטס-מיידל האָסטו דיר געקאָנט זוכן ! איבער די הויפן גיין ! ס'איז דאָ גענוג אַזעלכע אין דאָרף !...

זי האָט זיך פאַרהאַקט פון די זיך שפּאַרנדיקע ווערטער, געפילן און געשריי.

דער פאַראָבעק איז געשטאַנען אַ צעטומלטער, קראַצנדיק זיך הינטערן אויער.

— כ'מיין דאָך נאָר, אַז ס'זאָל נישט אַזוי צופּויקט ווערן אין דאָרף !

די אַלטע איז נאָך מער אויפגעקאָכט געוואָרן.

— וואָס הייסט נישט צופּויקט ווערן ?... פאַר וועמען נישט צופּויקן ?... וואָס דען, דעם „דזשאַד" מיט דער „באַבע" וועל איך פאַרבעטן ?... מיט אַ בזשאָזע-ריטל וועל איך ס'קינד טויפן, צי וואָס ? ס'גאַנצע דאָרף פון עק ביז עק ווייסט, אַז קריסטא האָט דאָס געהאַט כדת וכדין ! פון קליין ביז גרויס ווייסן אַלע, אַז אַ ליאַדע טאָג וועט אָנקומען אין קאַנצעלאַריע אַ פּאַפּיר וועגן יענעם נעבעך, און דו וועסט „מנדר זיין פאַר דער חופּה"! אַז נישט, וואָלט איך דאָך דיר דעם קאָפּ אַראָפּגע-ריסן ! ווען נישט דאָס, וואָלט איך דאָך דיר די אויגענעס אויס-געברענט !

זי איז אַזש הייזעריק געוואָרן פון כעס, סטראַשנדיק אים מיט די פויסטן.

דער פויער האָט געהאָרכט און האָט אויפגעשטראַלט. עפּעס איז אים אַזוי וואַרים געוואָרן אונטערן האַרצן, אַזוי גוט. די

פרד דאָ איז אַ גוטע, אַ זאַטע... אין די נידריקע ערטער קען מען פרובן אויך ווייץ... אַ געשפּאַן אַן אָרנטלעכס, צוויי קעל־ביקע קי, בהמות, פּופּצען שעפסן, בעל־הביתישקייט... ער קאָן זיין אַ בעל־הבית מיטן פולן מויל! צו קריסטען ציט אים אויך געוואַלדיק. זי בריט אים פשוט... ער האָט זיך אַ בויג אַראָפּ געטון, האָט אַרומגענומען די אַלטע ביי די קני און האָט איר אַ קוש געטון אין האַנט.

— כ׳באַשטיי, כ׳באַשטיי, מוטער! — האָט ער געזאָגט. — כ׳פריי מיך זער! זאָל מיך דאָ אַ דונער דערשלאָגן אויפן אָרט, אויב איך זאָג ליגן! אויב איך מיין נישט מיטן גאַנצן האַרצן! קריסטא זאָל נאָר ווען.

די אַלטע קארבאָוויאַטשקע איז ווייך געוואָרן פון צוקונפ־טיקן איידעמס הכנעה.

— וואָס האָט זי נישט צו וועלן? — האָט זי אויסגע־שריגן.—דאָס איז שוין דיין זאַך, זי זאָל וועלן! וואָס ביזטו נישט קיין מאַנספערשוין, זאָלסט נישט קענען קיין נקבה גובר זיין?

זי האָט נאָך גערעדט אָבער עס איז איר איינגעפאַלן, אַז קריסטא קען מאַקי זיך איינעקשנען און נישט וועלן.

זי האָט זיך דעריבער אַזוי שטייענדיק אַ דריי־אויס געטון מיט די פויסטן צום בעט.

— איך וואָלט איר געוויזן, דעם נישט, זי זאָל מיר דאָ נישט וועלן!.. איך וואָלט פון איר אַש געמאַכט! כ׳וואָלט פון איר ס׳איבערבעט אַראָפּגעריסן! כ׳וואָלט זי פון שטוב אַרויסגע־יאָגט מיטן קינד צוזאַמען! אוי, וואָלט זי דער ליבער יעזוס שווער געשטראָפט פאַר מיין עולה, פאַר מיין אַדורכגיין, פאַר מיין פאַר־שעמונג אויף די אַלטע יאָרן...

זי האָט אויפגעהויבן דאָס פאַרטוך צו די אויגן און האָט גענומען כליפּען, אָפּגייענדיק אין טרערן פון פריערדיקן כעס און פון רחמנות אויף זיך אַליין און אויף איר ביטער מזל.

קריסטא האָט אומרויִק געדרייט מיטן קאָפּ אויפן קישן און פון איר ברוסט האָבן זיך אַרויסגעריסן שטילע קרעכצן.

פּאַוועל האָט אַ וואָרף געטון איינמאָל און ס׳צווייטע מאָל צו איר מיט אַן אויג.

— וואָס, קריסטאַ ? — האָט ער ענדלעך געפרעגט. — וועסט מיך וועלן ?

זי האָט געשוויגן. ער איז צו צום בעט און האָט געוואָלט אַ גלעט טון איבער אירע צעשויבערטע האָר.

זי האָט זיך אַ וואָרף אָפּ געטון און זיין האַנט איז געבליבן אין דער לופטן.

גיי ! גיי ! — האָט זי מלא רציחה געשריגן. — אַוועק !..

— וואָס איז דיר, קרישאַ ? האָט דער פויער מיט אַ ווייכער שטים געפרעגט. — וואָס ביזטו אַזוי בייז אויף מיר ?.. דו ביזט דאָך געווען צו מיר גוט ?.. פאַרוואָס זשע ?..

— אַ מאָל בין איך געווען ! און אַצינד נישט ! האָסט דאָך געוואָלט פאָרן אין וויאַטראַק אַריין !

דער כעס האָט גענומען קאָכן אין דעם ייִנג, האָט ער זיך אַלזאָ אַ גלייך אויס געטון, האָט בייז אַ קוק געטון אַראָפּ אויף דער ערד, דערנאָך האָט ער זיך אַ דריי־אויס געטון מיטן רוקן צו דער שטוב און איז צוגעגאַנגען צום פענסטערל.

— מ׳דאַרף פאָרן ! — האָט ער נאָך אַ ווײַלע שווייגן זיך אָנגערופן.— די לבנה איז שוין אויפגעגאַנגען איבער דער סטאָדאָלע. ברררר !.. — האָט ער צוגעגעבן, אויפשוידערנדיק פון עפּעס אַן אינערלעכע פאַרביטערונג, אַן אינעווייניקסטע קעלט.

די אַלטע קאַרבאָוו־אַטשקע האָט זיך פּלוצלינג דערמאָנט, אַז דער דאָזיקער פּאַראָבעק, וואָס מאָנט נישט קיין שכירות, האָט נישט קיין פעלץ.

האָט זי אַראָפּגעלאָזט דאָס פאַרטוך און האָט אויסגעגלאָצט אירע פאַררויטלטע אויגן אויף פּאַוולען.

— ווי זשע ווע סטו, פּאַוולעק, פאָרן אין וויאַטראַק אָן אַ פּעלץ ?

— אין שפּאַנצער ! — האָט דער פויער פעסטער געענטפערט.

און אויך ער האָט זיך איצט דערמאָנט, אַז ער אַרבעט בחנם, אַז ער זעט קיין גראָשן פאַר די אויגן נישט, אַז נאָר

דאָס, וואָס ער עסט אויף, דאָס איז זיין. דער כעס האָט אַלזאָ געגומען קאָכן אין אים.

די אַלטע האָט אַן אויפגערעגטע געקוקט דאָ אויף דער טאָכטער, דאָ אויפן פאַראָבעק, דאָ אויפן פלאָקן, וואָס אונטערן בעליק, אויף וועלכן עס זענען געהאָנגען די בגדים.

— קריסטא!.. — האָט זי נאָך אַ ווײַלע שווייגן זיך אָנגערופן. — הער נאָר, קריסטא! אַז ס׳איז שוין יאָ אַזוי באַשערט, טאָ לאָז עס שוין זיין פאַרן ליבן יעזוס און פאַוועל וועט אפשר נעמען אַנטעקס פעלן?..

זי האָט גערעדט מיט אַן אומזיכערער שטים, ווי זי וואָלט געפּרובירט און געזוכט אַ וועג.

אָבער קריסטא האָט זיך אַ ריס געטון פון געלעגער און האָט אַ פּאַטש געטון מיט די הענט.

— געוואַלט! געוואַלט! — האָט זי מיט נאָך מער אימפּעט ווי פריער אויסגעשריגן — איצט שוין אויך דעם פעלן!.. איצט ווײַטער אַנטעקס פעלן!.. ווײ מיר!..

די אַלטע איז אין כעס געוואָרן.

— זײ נישט קיין בהמה און געוואַלטעווע נישט, אַז מ׳רירט דיך נישט אָן! בהמה! ווייסט דען נישט, אַז פאַוועל האָט אַ גאַנץ יאָר קיין געלט נישט גערעדט?.. אַז ער האָט נישט קיין פעלן!

— האָט ער יאָ געקערט צו רעדן געלט! פאַרוואָס זשע האָט ער נישט גערעדט? איך דאַרף נישט זיין נישט רעדן! זאָל ער צוגיין צו דער קאָמאָדע, זאָל ער צונעמען דאָס געלט פאַרן חזירל!.. זאָל ער פאַרקויפן מיינע קרעלן! און אַנטעקס פעלן וועל איך נישט געבן! נישט און נישט!

זי האָט אַ ריס געטון פון איר האַלז דעם שנור גרויסע קרעלן, וועלכע האָבן זיך צעשיט איבערן בעט און איבער דער שטוב. די קאַרבאָוויאַטשקע האָט פאַרבראָכן מיט די הענט.

— וואָס טוסטו עפּעס אַזעלכעס, טאָכטער מײנע? וואָס איז דיר עפּעס צוגעקומען? אַנטעק וועט דאָך שוין סײ ווי סײ דעם פעלן נישט ברויכן! ס׳איז אים דאָך שוין סײ ווי כײ אַלץ איינס!..

– זאָל ער אים נישט באַדאַרפן! – האָט קריסטאַ געזופן.–
זאָל ער אים נישט ברויכן! און איך וועל נישט געבן, נישט און נישט.

זי האָט געקלאַפּט אַ פויסט אָן אַ פויסט, טרערן זענען איר געזונען פון אירע פון כעס ברענענדיקע אויגן.

– הונטישע!.. – האָט דער פאַראָבעק אַ בורטשע געטון, אַ שפּיי אויס געטון אין שטוב אַריין און אַקלאַפּ טוענדיק מיט דער טיר, איז ער אַרויס.

אויפצומאָרגנס נאָך דער סעודה פון די „כושטשינעס", וואָס זענען פאָרגעקומען אין עטלעכע טעג אַרום, איז נאָך די קארבאוויאטשקע געשלאָפן, ווען קריסטאַס שטים האָט זי געוועקט:

– מאַמע!..

– וואָס, טאָכטערל?

– כ'וועל אויפשטיין...

– נאָך וואָס? וואָלסט זיך ליבערשט אויסגערוט נאָך אונטערן וואַרימען איבערבעט.

– כ'וועל אויפשטיין! – האָט קריסטאַ זיך געעקשנט.

– און וואָס איז דיר אַזוי נייטיק? די אַרבעט רופט דיך, צי וואָס? אין שטוב איז קאַלט. אויפן קוימען איז קאַלט, צו וואָס זאָלסטו זיך אויפהייבן?

– כ'וועל אויפשטיין, מאַמע!.. ס'איז היינט „הזכרות"...

כ'וועל מנדר זיין עפּעס ביים גלח פאַר אַנטעקן... עס וועט לייכטער ווערן!

ביי דער אַלטער האָבן די אויגן אויפגעבליצט. זי איז גלייך וואַך געוואָרן און האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט.

– אַודאי וועט אים, נעבעך, לייכטער ווערן, אַז מ'וועט פאַר אים, נעבעך, גאָט בעטן... אודאי אַזוי!

– מיר וועט לייכטער ווערן, מאַמע! אפשר וועט מיר לייכטער ווערן!

זי האָט טיף אָפּגעזיפצט, ווי אַ שווערע משא האָלט איר די ברוסט צוגעדריקט און זי האָט געלאַסן געזאָגט:

– לאָז שוין אויף אים אַ מצבה, אַז ס׳איז אַזוי באַשערט! זאָל שוין דאָס גראָז אויף אים וואַקסן! זאָל ער שוין נישט הערן, נישט זען, אַז ס׳איז יאָ אַזוי באַשערט! מילא!..

– אודאי, טאָכטערשי, אודאי! – האָט די קארבאוויאַטשקע צוגעשטימט, צופרידן דערפון, וואָס ביי קריסטען אין קאָפּ איז אַזאַ ענדערונג פאָרגעקומען. – אודאי אַזוי!.. אַלץ צוליב דעם ליבן יעזוסן מיט די פינף ראַנעס זיינע און שוין! איך האָב זיך אויך נעכטן געפרעגט ביי אַלע „קומעס״, ביים סאָלטיס און ביי נאָך אַנדערע און אַלע האָבן טאַקע געזאָגט, אַז ס׳איז נישטאָ וואָס צו רעדן, נאָר פאַרן ליבן יעזוס מנדר צו זיין!

קריסטא האָט געשוויגן, אָנטוענדיק זיך מיט ציטערדיקע הענט אין דער קאַלטער און אומאויפגערוימטער שטוב מיט די שפורן פון דער נעכטיקער סעודה. זי האָט זיך געאיילט אַוועקצוגיין, פאַר אַנטעקס נשמה מנדר צו זיין. מ׳האָט דאָך דאָ אים שוין פאַר אַ מת פאַררעכנט, מ׳האָט דאָך דאָ שוין נאָך זיין נשמה געטרונקען...

ביי דער אַלטער קארבאוויאַטשקע האָבן די הענט זיך געטרייסלט פון איילעניש און עפעס אַן אינערלעכער אויפרעגונג. צו טוען איז אין שטוב געווען פאַר צווייען. דער עולם איז זיך שפּעט צעגאַנגען, ס׳איז נישט געווען ווען צו צורוימען. נאָך דעם גוטן מעד, נאָך דעם בראָנפן מיט געווירץ, איז די אַלטע קארבאוויאטשקע, אַזוי אין אָנטועכץ געפאַלן און אַנטשלאָפן געוואָרן אויפן געלעגער, מיט אַ באַרוישטן קאָפּ, אַ דערהיצטע, מיט זיך קלעפּנדיקע אויגן פון לאַכן און ווײנען צוזאַמען, צופרידן דערפון, וואָס די שמחה האָט זיך איינגעגעבן, וואָס אַלעמען האָט געשמעקט די לעבער און די איבריקע מאכלים, וואָס אַלע האָבן איר גוטס צוגעוואונטשן און האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ, אַז אָקאָרשט ווי מ׳זעט וועט פאַוועל גיין צו דער חופה. באַ! אַלע האָבן דאָך אים צוגערעדט חתונה צו האָבן! איז אַ דאַנק דעם אויבערשטן דערפאַר! וועלן זיך טאַקע ענדיקן די אַלע געוויינען און קלאָגערייען... און ס׳וועט נישט זיין קיין זינט פאַר גאָט און קיין בושה פאַר מענטשן...

אַזוי האָט זיך די אַלטע קאַרבאַוויאַטשקע געטראַכט, אַרומ־דרייענדיק זיך פון ווינקל צו ווינקל און זאָגנדיק דאָס מאָרגן־געבעט, און פלוצלינג האָט זי זיך עפּעס דערמאָנט און איז געבליבן שטיין אין מיטן שטוב.

– און וואָס וועט זיין מיטן יריד, קריסטאַ?.. איך האָב זיך דאָך אָפּגעשמועסט מיט די קומעס צוזאַמען צו גיין קיין בזשעזשניצע אויפן יריד! מיר האָבן דאָך געוואָלט די ביקלעך פאַרקויפן? און פאַוועל האָט געוואָלט אַ „בראָנע“ קויפן... וואָס זשע וועט איצט זיין?..

– טאָ גייט, אַז איר דאַרפט גיין!..

– און וואָס זשע וועט זיין מיטן קינד, אַז דו גייסט אין קאָשטשאָל אַריין? עס וועט זיך דאָך דאָ צערייסן און פאַרקייכן, חלילה!

– זאָל דאָרט זיין, וואָס עס וויל!

די אַלטע האָט זיך פאַרטראַכט.

– אפשר זאָל איך די טויב־שטומע אַריינרופן? זאָל זי זיך דאָ אָפּקאָכן אַ ביסל קאַרטאָפל און עסן און זאָל אַכטונג געבן דערווייל אויפן קינד, אַביסל מילך עס געבן... ווי דען?..

– זאָל זי אים געבן...

– צום יריד איז אַ נאָנטער וועג, אָבער פון יריד איז אַ ווייטער וועג... מ׳טרעפט זיך מיט דעם, מיט יענעם... דאָ שטעלט מען זיך אָפּ, דאָרט רעדט מען אַביסל, דערווייל רוקט זיך די נאַכט צו... וועסט זיך עפּעס לאַנג זוימען אין שטעטל?

– איך ווייס?.. ס׳איז אַ שטיק וועג... כ׳האָב קיין כח נישט אין די ביינער, נאָר וואָס די אָדערלעך וואַרפן זיך אַזוי אין מיר...

– המ!.. המ!.. – האָט די אַלטע געמורמלט, זעסטו, טאָכטערשי, כ׳ווייס... אפשר... וואָלסט אפשר געקאָנט גאָר מאָרגן גיין...

– ניין, מאַמע, ניין! כ׳וועל גיין... ס׳איז הייגט „הזכרות“... לאָז שוין, כ׳וועל גיין!..

זי האָט איינגעבונדן דאָס געלט אין אַ שמאַטקעלע, האָט עס פאַרשטעקט אין בוזים און האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער מוטערס האַנט.

— זיי געזונט...

— גיי געזונט, טאָכטערשי, מילא!.. ווילסט נישט אַ קוק טון צום קינד?..

— זאָל ער שלאָפן, אַז ער שלאָפט... וואָס האָב איך צו קוקן?..

זי איז אַרויסגעגאַנגען. די אַלטע האָט זיך דערויף פאַרטראַכט און האָט אונטערגעשפאַרט זיך אונטער דער גאָמבע.

— זי איז אַוועקגעגאַנגען און האָט אַפילו קיין בליק צום קינד נישט געטון... אוי, ווער זיך נאָך דאָ אָפּטון, איידער פאַוועל וועט חופה שטעלן!.. אוי, אוי, וועט זיך נאָך אָפּטון! — האָט זי אַליין צו זיך גערעדט, שטייענדיק אויף דער שוועל פון דער כאַטע און נאָכקוקנדיק נאָך קריסטען.

ס'איז געווען אַ מאַטער, נעפּלדיקער פרימאָרגן, די לופט איז געווען רויִק, וואַרים. עפּעס אַ מין ווייכקייט, אַ מילדקייט איז אין איר געווען, עפּעס אַזוינס, וואָס טוליעט און באַרויקט דעם מענטש.

אַ פאַרחלומטקייט האָט גערוט איבער די פוסטע,ברייטע פעלדער. איבער דער ערד האָט זיך שוין געטראָגן די גרויסע פאַרווינטערדיקע, פאַרשלאָפענע שטילקייט.

די געגנט אַרום איז געווען ווייט, אָפן, בלאָענדיק זיך ביז אין טיפן האָריזאָנט. אין דער פרימאָרגן גראָקייט האָט דאָס טייכל, וואָס האָט האַלבקייַלעכדיק אַדורכגעשניטן דאָס דאָרף, געגלאַנצט, ווי אַ העלער סערפּ; די פלאַכע לאָנקעס אַרום, פול מיט הערבסט־וואַסערלעך, זענען געלעגן אונטער אַ בלאָלעכער פאַרע. דורך דער גאַנצער געגנט, ווייט צו מערב אַוועק האָט זיך געצויגן אַ טאָפּאָלן־וועג, אין וועלכן עס האָט זיך אין דער ווייטער בלאָער דורכזיכטיקייט געצייכנט דער טורם פון קאָשטשאָל אין שטעטל.

מיט דעם וועג איז קריסטא געגאַנגען. זי איז געגאַנגען אַן אָפּגעשוואַכטע, מיט נישט זיכערע טריט, אַ בלייכע. איר קאָפּ איז געווען אַרומגעהילט מיט אַ גרויסע דינע פאַטשיילע. גלאַטיקע אַסן שוואַרצע האָר אירע זענען איר געלעגן האַרט־צו צו די איינגעפאַלענע שלעפן, די אַראָפּגעלאָזטע וויהעס אירע האָבן געוואָרפן אַ לענגלעכן ציטריקן שאָטן אויף איר ברוינלעך געזיכט. זי איז געגאַנגען געשווינט. די אויגן אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד, די הענט האָט זי פאַרשטעקט הינטער דעם גראָבן, בונט־פאַרביקן פאַרטוך, וואָס זי האָט געהאַט פאַרוואָרפן אויף די אַקסלען.

זי האָט געהאַט אַ מין באַזונדערע באַוועגונג, ווי זי וואָלט זיך אין זיך פאַרטוליעט, וואָס עס האָט זי אין פלוג געמאַכט קלענער, ווי זי איז אין דער אמתען געווען. איצט נאָך דער פריש איבערגעקומענער שלאַפקייט, האָט זי אָפּט געהאַט די דאָזיקע באַוועגונג. זי האָט אינסטינקטיוו אויפגעהויבן די אַקסלען, האָט איינגעטוליעט צווישן זיי דעם קאָפּ, פאַרלייגט די הענט אויף דער ברוסט און צוגעדרוקט די עלנבויגן צו די זייטן, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט שיצן פאַר עפּעס בייזעס, פאַר עפּעס קאַלטס און שאַרפס.

אַ לאַנגע ווײַלע איז זי אַזוי געגאַנגען, ווי פאַרטויבט, מיט אַ שווערן קאָפּ פון נעכטיקן טומל, נישט פילנדיק גאָרנישט נאָר אַ גרויסע פאַרוואונדערונג איבער דעם, וואָס עס איז געשען.

דאָס אַלץ מיט אַ מאָל איז געקומען אַזוי אומגעריכט פאַר איר, ווי די נעץ פאַר דעם פויגעלע. מיט פאַוולען איז דאָך קיינמאָל קיין רייד נישט געווען וועגן ליבן זיך, און אָט וואָס ס איז געשען! פאַר איר אָרימען, נעבעך, וואָלט זי דאָך אין עק וועלט געגאַנגען, וואָלט זי די נשמה אַוועקגעגעבן! און דאָ איז גאָר אַזוינס געשען!

כל זמן ס'קינד איז נישט געווען געטויפט, האָט זיך איר אַלץ געדאַכט, אַז דאָס אַלץ איז נישט אויף דער וואָר, אַז ס'איז עפּעס אַזאַ בייזער חלום, פון וועלכן זי וועט זיך אויפכאַפּן. איצט אָבער איז אַלץ געענדיקט. אַלץ! איצט האָט שוין ס'קינד

אַ נאָמען, טויף-עלטערן, ס'איז שוין פאַרשריבן אין די ביכער... נעכטן איז דאָך אין שטוב געווען „כזשטשינעס"...

— ס'איז דאָך געווען „כזשטשינעס"... — חזרט זי זיך כסדר אין געדאַנק; און אירע שמאָלע ברעמען הויבן זיך שטאַרק און קנייטשן איר נידעריק ברוינעם שמערן און איר קאָפּ שאָקלט זיך, ווי פון אַ גרויס, טרויעריק וואונדער.

— „רעטאַ"! „רעטאַ"!.. וואָס טוט מען! וואָס איז דאָ צו האַנדלען געקומען?

און ס'גיט איר פּלוצלינג אַ שלאָג צום געזיכט אַ פייער פון בושה, פון בונט און צאָרן! עס ווילט זיך איר גיין און גיין, אַוועק אין עק וועלט און נישט קוקן אויפן קינד, אויף פּאַוולען.. זי דערפילט אַ שרעקלעכן עקל און שרעק: זי וואָלט געוואָלט פון אַלעם דעם אַנטלויפן. זי הויבט אונטער די אַקסלען, ווי אַ פויגל די צעבראָכענע פליגל צום אָפּפליען. אָבער די שטילקייט פון די ליידיקע ברייטע פעלדער בּאַרויִקט זי לאַנג-זאַם. זי לאָזט צוריק אַראָפּ די אַקסלען, עס עפענען זיך ברייט אירע אויגן אין דער בלאָער לופט אַריין און איר געזיכט דריקט אויס אַ טיפע פאַרטראַכטקייט.

„מיר זענען נישט די ערשטע, מיר זענען נישט די לעצטע"... זי דערמאָנט זיך אן די מוטערס ווערטער, וועלכע קלינגען איר איצט אַזוי האַרט, ווי אַ בייזע נביאות, עפּעס אַזוי שווער, ווי דער שטיין פון דער מיל דאָרט!

— דאָס מוז, ווייזט אויס, זיין אמת... עס האָט איר, ווייזט אויס, אויך געמוזט אַזוי באַשערט זיין.. ס'מוז, הייסט עס, אַזוי זיין... ס'מוז שוין, ווייזט אויס, מיט אַלעמען אַזוי געשען...

— יעזו! יעזו! — האָט קריסטאַ געשעפּטשעט און זי האָט לאַנגזאַם געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי זי וואָלט מיטאַמאָל באַגריפן איר גאַנצן גורל.

פון די נאַקעטיקע, אָפּשטאַרבנדיקע פעלדער אַרום האָט אויף איר געוויייעט מיט אַ מין נישט גאַנץ קלאָר געפיל פון אומבאַדינגטן אונטערגאַנג פון אַלעם וואָס לעבט, בליט און שיינט.

A-2584

— ס׳מוז שוין, ווייזט אויס, אויף דער וועלט זיין אַזאַ כח...
אַזאַ בלינדע, בלינדע קראַפט... אַזאַ בלינדע, אַזאַ אַלטע.. עלטער
פון גאַנצן דאָרף און פון אַלע מענטשן! און וואָס די ערד ווערט
פול מיט בלימלעך, וואָס זי גרייט זיך אָן פרייד, וואָס זי בעט
זיך אויס נעסטלעך, מאַכט דידאָזיקע קראַפט פון אַלעם אַ תל...
און יעדעס מאָל, וואָס דאָס מענטשלעכע האַרץ פאַרזייעט
זיך גליק און פרייד, וואָס עס בליט אויף פול מיט ליבשאַפט,
ווי דאָס ביימל מיט בליעכץ, קומט זי גלייך און דערשטיקט
אַלץ... ס׳איז שוין אַזאַ קראַפט! אַזאַ בלינדע קראַפט!
און קריסטא טוליעט איין דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען,
אַ שוידער גייט איר דורך איבערן גאַנצן לייב, ווי פון אַ
פלוצלינגן ווינט. קיין ווינט איז אָבער נישטאָ. אַרום איז שטיל.
די לאַנגע רייע אָן בלעטערדיקע, שוין דורכזיכטיקע טאָפּאָלן
באַגלייטן זי מיט אַן אָפּגעהאַקט, קוים הערבאַר שאָרכן. די
דינינקע נאַקעטע צווייגעלעך שאָקלען זיך און קלאַפּן אָן איינס
אָן אַנדערן, ווי קוים באַוועגט פון אַ ווייטן, צאַרטן בלאָז...
גייט זיך קריסטא אַזוי אָן אַ זייט פון וועג, הערט דאָס
דאָזיקע שאָרכן און מאַכט שנעלע־ע טריט.
דער טורם פון קאָשטשאָל דערנענטערט זיך אַלץ מער, ווי
ער וואָלט געשוואומען דורך דער לופט צוזאַמען מיטן צלם און מיט
די גלאָקן. און פלוצלונג האָבן זיך די גלאָקן צעויגט און גענו־
מען קלינגען פון גאַנץ ווייט דאָרט, פון דער הויך. דער טויבער,
פאַרשטיקטער קלאַנג זייערער ווערט אַלץ העכער, הערט אויף,
ווערט ווידער העכער און הערט ווידער אויף.
און עס דאַכט זיך אויס, ווי דאָס וואָלטן געוועזן אַזעלכע
מעכטיקע, שטראָמענדיקע איבערוועלטישע זיפצן. די שטילקייט
אַרום נעמט זיי אַריין אין זיך און ווערט אַליין אומרויִק און
וויבּרירנדיק.
ביי קריסטען פון ברוסט רייסט זיך אַרויס אַ לאַנגער,
לאַנגער קרעכץ. איר געזיכט ווערט נאָך ברוינער, אין אירע
אויגן צינדט זיך אָן אַן ערנסט פייערל. זי דריקט אין דער
האַנט דאָס טיכעלע מיט געלט און שאָקלט מיטן קאָפּ.

— ס'איז שוין נאָך דיר, „אַמענט"! יאַנטאַכנאַ מײַנער, שוין, „אַמענט" נאָך דיר! דו ביזט שוין נישטאָ פאַר מיר און איך בין שוין נישטאָ פאַר דיר, שוין אַ צלם נאָך דיר, יאַנטאַכנאַ, און אַ בר־מינן־ליכט...

— אוי, ביזט שוין פאַר מיר געשטאָרבן, צי דו לעבסט, צי דו לעבסט נישט... אוי, איך האָב דיך שוין באַגראָבן, אַזוי טיף אין דער ערד, נעבעך, אוי, איך האָב שוין אויף דיר אַ בערגל אָנגעשיט, יאַנטאַכנאַ מײַנער, אַ בערגל אויף דיר! אַ בערגל נישט פון דעם זאַמד דאָ, דעם דינעם, נאָר פון די זינד מײַנע... אוי, ס'איז שוין אָנגעוואַקסן אויף דיר דאָס בערגל, ס'איז אָנגעוואַקסן אַזוי הויך, פון דער ערד ביז צום הימל, און עס לאָזט מיך נישט צו דיר און דיך נישט צו מיר!.. שלאָף שוין דאָרט: יאַנטאַכנאַ, שלאָף שוין דאָרט, און כאַפּ דיך שוין נישט אויף! איך וועל שוין פאַר דיר גאָט בעטן, איך וועל שוין פאַר דיר צום געזעגענען לאָזן אין די גלעקער קלינגען. שוין, איך גיי שוין נאָך דיר „אַמענט" מאַכן!..

זי ווערט אַנטשוויגן און נעמט גיין שנעלער.

זי וואָלט געוואָלט וואָס שנעלער זיך אָפּשיידן פון איר ליבע מיט אַ צלם און מיט אַ בר־מינן־ליכט. אפשר וועט לײַכטער ווערן... אפשר...

ווען זי וועט צוריק קומען אין דאָרף, ווען זי וועט נאָר אַביסל געזונטער ווערן, וועט זי פאַרטאָג, בײַם לבנה־אויפגאַנג אויפשטיין און וועט אַרײַנקויקלען אַ שטיין אין טײַך אַרײַן. דעם גרעסטן, דעם שווערסטן, וואָס געפינט זיך נאָר, וועט זי אַרײַנקויקלען. מענטשן זאָגן, אַז ווען אַזאַ שטיין פאַלט אַראָפּ צום גרונט, פאַרגעסט דער מענטש אין אַלצדינג, ווי מ'וואָלט אים מיט אַ שטיין איבערן קאָפּ געגעבן, אַזוי פאַרגעסט ער. ווי ס'זאָגט — אַזוי ווי אַ שטיין אין וואַסער!

זי נעמט גיין וואָס אַ מאָל שנעלער. קליינע לויטערע טראָפּנס װוײַס באַדעקן איר נידעריקן ברוינעם שטערן. די כחות גייען איר אויס. די גלעקער ווערן אַנטשוויגן לאַנגזאַם איינער נאָכן צווייטן, מיט ווייטע עכאָס און זיפצן. און ווידער ווערט

שטיל, נאָר וואָס די טאָפּאָלן שעפּטשן אַזוי לייכט מיט אַ קוים הערבּאַר שאָרכן צווישן די נאַקעטע ריטלעך, ווי עפּעס אַשטים פון גאַנץ ווייט, ווייט וואָלט צווישן זיי דורכגעגאַנגען...

... קריסטאַ !.. קריסטאַ !.. קריסטאַ...

קריסטאַ דרייט אום דעם קאָפּ, עפנט ברייט די אויגן און קוקט.

ווי ווייט דאָס אויג קען כאַפּן איז אַלץ פּוסטע און ליידי־קע פעלדער, דאָס דאָרף און אויך די כאַטע זעט מען שוין קוים דורכן בלאָען נעפּל. דער וועג ווערט ווי צעשווימען, און הינטער איר גייען נאָך כסדר טאָפּאָלן, טאָפּאָלן, טאָפּאָלן...

קריסטאַ פילט זיך ווי עטאַרזונקען אין דער גראָער פּוסט־קייט אַרום, אין דער דאָזיקער שטילקייט אויף די פעלדער, וואָס רוישט איר אַזש אין די אויערן. זי פילט זיך ווי אַרומגענומען פון אַ גרויס ברייט וואַסער, זי טוליעט דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען, זשמורעט די אויגן און חזרט אַלץ אינאיינעם שטיל צו זיך...

— נישט אַנדערש, נאָר אַ שטיין צום גרונט... נאָר אַ שטיין אַראָפּ צום גרונט...

זי זעצט זיך אַוועק, רוט זיך עטוואָס אָפּ און נעמט דער־נאָך ווייטער גיין. ס׳גייט אַ שעה נאָך אַ שעה און דער וועג ווערט כמעט נישט קורצער.

דערווייל האָט זיך פון גראָען האָריזאָנט גענומען אויס־טיילן אַ סילוועטקע פון אַמענטשן, וועלכער איז שנעל געגאַנ־גען.

מ׳האָט באַלד געקענט זען, אַז דער מענטש וויל, אָדער גיין מיט אַ קירצערן וועג, אָדער ער קען נישט דעם וועג.

ער איז געגאַנגען מיט גרויסע, שווערע שפּרייזן קווער איבער די פעלדער, קאַפּוירקומענדיק אַלע מאָל פון די נידריקע, מיט שטרויך פאַרוואַקסענע זומפּיקע טאָרף־ערטער, אַזוי ווי ער וואָלט פון דער ערד אַרויסגעוואַקסן. ער האָט ווייזט אויס אויך דערזען קריסטאַן, וועלכע האָט זיך איינע געפונען אויפן וועג, וואָס איז אויסגעקומען עטוואָס העכער פון די פעלדער

וואָרום ער האָט גענומען מאַכן מיט דער האַנט און רופן מיט אַלע כחות:

— העי!.. העי!.. העי!..

קריסטאַ האָט זיך אומגעקוקט און געבליבן שטיין.

דער מענטש איז געקומען פון אונטערוועגס און האָט אויסגעזען צו זיין אַ פרעמדער. פונדערווייטנס נאָך האָט מען געקענט זען, אַז ער טראָגט אויפן אַקסל אַ שטעקן מיט אַקלו־מעקל. ווען ער איז צוגעקומען נאָנט, האָט זי דערזען אויף אים אַ בראָען זעלנערישן שינעל.

ער איז צוגעקומען צו איר פון דער זייט, שפרונגענדיק איבער די בייטן, ראָוועך, רופנדיק כסדר.

אין קריסטען האָט זיך ס'האַרץ גענומען וואַרפן, עס האָט זיך אַ ווײַלע געדאַכט... דערבאַרמדיקער יעזו! וואָס איר האָט זיך געדאַכט?...

דער מענטש איז שוין געווען גאַנץ נאָנט, ווען זי האָט דערזען זיין געשטופּלט לאַכענדיק געזיכט און זיינע איינגעפאַלענע אויגן־לעכער. קריסטאַ האָט נישט געוואוסט אויף קלאָר:

— אַ באַקאַנטער, צי נישט קיין באַקאַנטער!... יאָ, ס'איז טאַקי אַ באַקאַנטער!...

— וואַלעק! — האָט זי ענדלעך אויסגערופן, אַ פּאַטש טו־ענדיק מיט די הענט, — דאָס ביסטו וואַלעק! פון וואַנען קומ־סטו דאָ?

ער איז שוין געשטאַנען נעבן איר און קוקנדיק אויף איר, האָט ער געלאַכט און גערעדט:

— קריסטאַ!.. ס'קאַצל קומט, קריסטאַ! און איך האָב גע־מיינט, אַז ס'איז מאַרטשיכנא פּאַוול אָוואַ! האַ... האַ... האַ!..

און פּלוצלינג האָט אים אָנגעכאַפּט אַ געוואַלטיקער, לאַנגער הוסט. ער האָט זיך פאַרקייכט איינמאָל און ס'צווייטע מאָל טיף, טיף פון דער ברוסט דאָרט, אַז ער איז אַזש בלאָ געוואָרן אויפן געזיכט. ער האָט זיך אין צווייען איינגעבויגן, געכאַפּט זיך פאַר דער ברוסט און געהוסט, געהוסט, געהוסט...

עטלעכע מאָל האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געוואָלט

עפּעס זאָגן. ער האָט עפּעס געמאַכט מיט די הענט און מיט ד
אויגן צייכנס, אָבער דער אומברחמנותדיקער הוסט האָט אים נישט
געלאָזט רעדן.

ערשט נאָך אַ לאַנגער ווײַלע האָט ער זיך גענומען באַ־
רויִקן ביסלעכווייז, קרעכצנדיק און לאַכנדיק צוזאַמען; און אַראָפּ־
נעמענדיק דעם זעלנערישן קאשקעט, האָט ער זיך אָפּגעווישט
דעם שווייס פון זיין שאַארצן, קורץ אָפּגעשוירענעם קאָפּ און
פון די איינגעפאַלענע שלעפן.

— האָסטו דיר אַ הוסט ! — האָט ער מיט אַ פאַרענדער־
טער, אָפּגעהאַקטער שטים געזאָגט, — האָט ער דאָס מיך אויס־
געמאָרדעוועט ! אַ זאָל עס אים...

ער איז קוים געשטאַנען אויף די פיס, אַן אָפּגעמאַטערטער,
אַ דערשוויצטער מיט אַ זיך טרייסלנדיקן קאָפּ אויפן דינעם האַלז.

— או — האַ ! — איך האָב אויך באַדאָרפן גיין אויפן
פראָם !.. אָט האָב איך זיך אויסגעבלאָטיקט איבער די באַיאָרעס,
ווי אַ חזיר... אַ האָר האָט געפעלט איך זאָל דערטרונקען ווערן
איבערן קאָפּ אַריבער... או — האַ !..

ער האָט געהוסט, געלאַכט אין געקרעכצט און קוים דעם
אָטעם געכאַפּט.

— פון וואַנען נעמסטו זיך דאָ אַהער ?... — האָט קריסטא
פאַרוואונדערט געפרעגט.

— פון דער וועלט !

ער איז אַריבערגעשפּרונגען איבער׳ן ראָוו, וואָס האָט זיך
געפונען צווישן זיי.

— געלויבט איז יעזוס אויף אייביק און אייביק ! האָט ער
געזאָגט — אַ גרוס דיר, קריסטא ! אַנטעק איז געקומען !

קריסטא איז ווי פאַרשטיינערט געוואָרן. אירע ווייס גע־
וואָרענע ליפּן האָבן זיך אויפגעמאַכט און זי האָט גענומען צי־
טערן מיטן גאַנצן קערפּער, קאָנוואולסיוו צונויפדריקנדיק דאָס
געלט, וואָס זי האָט געטראָגן אין דער קלויסטער־פּושקע אַריין.
וואַלעק האָט געלאַכט.

— וואָס ביסטו געבליבן אַזוי שטיין, ווי אַ גולם ? מ׳האָט

דאָך אים צוזאַמען מיט מיר אַרויסגעלאָזט פון לאַזאַרעט אויף צו קומען צו זיך אַביסל ! ביז גראנא זענען מיר דאָך צוזאַמען געגאַנגען ! נאָר אַנטעק האָט זיך דערנאָך געלאָזט מיטן פּראָם דורך ריביטנע, און איך האָב גלייכער געוואָלט דורך די קעמפּעס גיין, אפשר נעענטער... נאָר אין ריביטנע איז אפשר דער פּראָם אָפּגע־ריסן, אַז ס'איז אַזאַ וואַסער ! האָט ער מסתמא געמוזט גיין דורך דער בריק, אַז ס'איז יאָ אַזוי !.. וועט ער נאָך פאַרנאַכט אויף גישט זיין אינדערהיים ! וואָס זשע ביסטו אַזוי ? האָסט נישט געוואוסט? וואָס זשע ציטערסטו אַזוי, ווי דאָס בלעטל פון בוים ? ער האָט זי אַציפּ געטון ביים אַרבל.

— קריסטא ! זאָג נאָר ! רוף זשע דיך אָן אַזוי, צי אַזוי !.. וואָס איז ?

זי האָט טיף אָפּגעאָטעמט, איבערגייענדיק מיט דער האַנט זיך איבערן פּנים, איבערן שטערן, און אי דאָס פּנים, אי די האַנט האָבן זיך איר אויסגעוויזן, ווי פון אַגעשטאָרבענעם, ווי פרעמדע...

— יעזו... האָט זי מיט אַטויטער, מאַטער שטים אַרויסגע־שעפּטשעט. — דערבאַרמדיקער יעזו...

אָבער דאָס דאָזיקע שעפּטשן האָט זי איבערגעשראָקן, ווי אַ הילך פון הונדערט גלעקער.

זי האָט איינגעטוליעט דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען, האָט צוגעזשמורעט די אויגן, און אומדרייענדיק זיך פלוצלינג צו די גראָע און בלאָלעכע פעלדער הינטער איר, האָט זי גענומען זאַכט און שנעל גיין.

— וואָס לויפסטו ?... — האָט וואַלעק נאָכגעשריען, — וואַרט נאָר דאָרט! העי !... קריסטא! זאָג דאָרט אַנטעקן, אַז איך בין גע־גאַנגען קיין קאַשטשעלניצע צו פּאַוולאָוון !.. איבערשרעקן מאַר־ציכנע !.. העי !..

און פלוצלינג האָט אים אַ הוסט אָנגעכאַפּט און ער האָט זיך ביז דער ערד געבויגן.

קריסטא איז געגאַנגען. די טאָפּאָלן, דער וועג, דער גראָער מאַטער הימל, דאָס דערפל, וואָס האָט זיך קוים געצייכנט דורך

די טאָרף-אויסדונסטן, דאָס אַלץ האָט זיך געדרייט אין אַ ראָד פאַר אירע אויגן. זי האָט עטלעכע מאָל, נישט ווילנדיק, אומגעדרייט דעם קאָפּ, וואָרום עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז אָט-אָט וועט עפּעס איינפאַלן איבער איר קאָפּ, אַז זי וועט זיך באַלד אָנקלאַפּן מיטן קאָפּ אָן דער דאָזיקער שווינדלדיקער לופט. אין די אויערן האָט איר גערוישט, ווי פון אַ גרויס וואַסער און אין דער ברוסט האָט זי געפילט אַזאַ פּוסטקייט און אַזאַ פינסטערניש, ווי אין אַ טיפן גרוב.

זי האָט גאָרנישט געפילט, נישט קיין זאָרג, נישט קיין פרייד, נישט קיין מידקייט, זי האָט נאָר געוואוסט, אַז זי מוז גיין, גיין...

און זי איז אַלץ שנעלער געגאַנגען. די טאָפּאָלן האָבן זיך בסדר אַהינטערגערוקט, איינער נאָכן צווייטן, גראָע, נאַקעטע, אזעלכע איינטאַניקע הויכע, שאָרכנדיק מיט די דינינקע ריטלעך. יעדער טאָפּאָל באַזונדער האָט זיך דערנענטערט מיט אַ שטילן, צאַרטן שאָרך און איז באַלד פאַרשוואונדן הינטער דער שנעל גייענדיקער און שעפּטשענדיקער קריסטאַן, קוים איז איינער פאַרביי, איז שוין אָנגעקומען דער צווייטער.

— דורך דער בריק איז ער געגאַנגען... פאַרנאַכט וועט ער אָנקומען... — האָבן אַלע טאָפּאָלן געפליסטערט. די לופט איז פול געווען מיט דעם פליסטערן.

קריסטעס מידער, ווירבלנדיקער געדאַנק האָט זיך געקלאַמערט אָן די דאָזיקע ווערטער און האָט זיך געפּלאָנטערט אין זיי, ווי אַ פויגל אין דער נעץ.

... דורך דער בריק איז ער געגאַנגען... פאַרנאַכט וועט ער זיין... דורך דער בריק איז ער געגאַנגען... די דאָזיקע ווערטער זענען דאָך געווען הוילע קלאַנגען פאַר איר. זי האָט פשוט נישט באַגריפן, וועמען מען מיינט דאָס, ווער איז געגאַנגען דורך דער בריק, ווער וועט זיין פאַרנאַכט. די דאָזיקע ווערטער, וועלכע האָבן זי כמעט פון זינען גערירט, זענען פאַר איר געווען אומפאַרשטענדלעך, פרעמד. זי האָט אַפילו נישט געפילט, אַז אירע איי-

געגע קאַלטע, אָפּגעשטאָרבענע ליפּן שעפּטשן דאָס די דאָזיקע ווערטער.

אַזוי איז זי צוגעקומען ביז צום אָרט וואו עס ענדיקט זיך דער שאָסע, און ווען עס האָבן אויפגעהערט צו שאָרכן איבער איר טאָפּאָלן, האָט אויך קריסטא אויפגעהערט צו שעפּטשן, נישט פילנדיק אויך, אַז זי האָט אויפגעהערט.

זי איז איצט געגאַנגען איבער אַ זאַמדיקן פּלאַץ, וועלכער איז אין דער גאַנצער ברייט דורכגעשניטן געווען פון די רעדער פון די פויערשע וועגעלעך און אויסגעטרעטן דורך די קלאָען פון די סטאדעס, וועלכע מ׳טרייבט דאָ דורך.

און פּלוצלינג האָט זי אויף דעם דאָזיקן זאַמד, אויף וועלכן זי האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט די אויגן געווי דערזען דעם מאַרק פון שטעטל, פון וועלכן די רעקרוטן זענען מיט צוויי יאָר צוריק אַוועקגעגאַנגען. אַלץ איז איצט געשטאַנען, ווי לעבעדיק פאַר איר.

אַביסל פויערן אין פּעלצן און שטאָט-לייט אין קאַפּאָטעס שטייען ביי די פירן... ביי דער לאַנגער געלער מויער שטייען אַ רייע איינגעקורטשעטע פרויען... פון אונטער די גראָבע פּאַטשיי-לעס זייערע הערט זיך אַ שלוכצן און וויינען... די גראָע קעפּ זייערע טרייסלען זיך, זיי קוקן נאָך מיט די אויסגעוויינטע אויגן נאָך זייערע אַוועקגייענדיקע זון, שפּייזערס... אין מיטן מאַרק זענען די רעקרוטן אויסגעשטעלט צו פיר אין אַ רייע. אַנטעק בלייבט איבער ביז דער לעצטער רייע, ער שלעפּט אָפּ, גייט כסדר צו-ריק צו איר. דער עלטסטער האָט שוין אויף אים צוויי מאָל אָנגעשריגן, ער האָט אים שוין פאַר דער פלייצע אַ שטויס געטון, און זייערע הענט, זייערע קעפּ, זייערע ליפּן קענען אַלץ זיך נישט צעשיידן...

— וועסט וואַרטן אויף מיר, קריסטא?

— כ׳וועל וואַרטן...

— געטריי?

— געטריי

— שווערסט מיר צו?

— כ׳שווער דיר צו!..

— געדענק!

און פלוצלינג האָט מען גענומען פויקן.

— אַנטעק! — האָט קריסטא אַ געשריי געטון, און דער דאָזיקער געשריי אין פוסטן פעלד האָט זי אויפגעחעקט פון איר פאַרגליווערטקייט.

אַ געוואַלטיקע ליכטיקייט האָט אויף איר מיט אַמאָל אַ שלאָג געטון, ווי פון אַ שרפה־שיין. זי האָט איצט קלאָר פאַרשטאַנען, אַז אַנטעק קומט צוריק, אַז מ׳האָט איר אָפּגעלאָזט, ער זאָל צום געזונט קומען, אַז ער גייט דורך דער בריק, אַז ער וועט נאָך היינט דאָ זיין. זי האָט איצט אַלץ, אַלץ קלאָר פאַרשטאַנען. אַזוי ווי דעם גוסס. ווערט אין דער שעה פון טויט ליכטיק פון דעם גסיסה־ליכט, אַזוי איז איר איצט אַלץ אַזוי קלאָר געוואָרן, אַ שרעק. אַ שרעק, ווי קלאָר!

גליק, שמערץ און שרעק זענען זי מיטאַמאָל באַפאַלן און דורכגעדרונגען זי, ווי שאַרפע מעסערס. זי האָט נישט געוואוסט װאו איינס הייבט זיך אָן, אָדער וואו איינס ענדיקט זיך, ווייל דאָס גליק אַפילו איז געווען שמערצלעך, ווי דער ווייטאָק.

— רעטא! — האָט זי אויסגעשריגן, צונויפדריקנדיק די פויסטן, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט שיצן פאַר דעם דאָזיקן אומגעהויערן מישמאַש פון געפילן, וועלכע האָבן זי געפייניקט און זי דורכגענומען מיט היץ און שוידער...

זי האָט אָפּגעווישט דעם קאַלטן שווייס פון שטערן, אַ ריס געטון דאָס העמד אונטערן האַלז.

— וואָס וועט זי איצט טון?.. וואָס וועט זי טון?.. וואָס?..

זי האָט אויפגעהויבן אירע ברענענדיקע בליקן צום הימל און זיך איינגעקוקט אין זיין אָנברעגיקער, דורכזיכטיקער גראָקייט מיט אַן אָנגעשטרענגטער טויט־שרעק און פאַרצווייפלונג ביז זיי האָבן זיך ענדלעך פאַרצויגן מיט אַ פייכטקייט.

— אָ, הייליקע מוטער!.. אָ, הייליקע מוטער פון טשענסטאָכאָווא!.. רעטע די נשמה מיינע...

זי האָט צוגעדרוקט צו דער ברוסט אירע צונויפגעלייגטע

הענט, איר שטימע איז געווען גליענדיק, הייס, איר בליק — גע-פייניקט, בעטנדיק, איינגעשפאַרט. אַ געוויסע צייט איז זי אַזוי געגאַנגען, האַלטנדיק אירע בליקן צום הימל און אַראָפּלאָזנדיק זיי אויפן זאַמד, ווען דער וועג האָט זיך פּלוצלינג אָנגעהויבן באַרג-אַראָפּ.

קריסטאַ איז צוגעקומען ביז צום דאָרף. פונדערווייטנס נאָך האָט מען שוין געהערט אַ טומל פון מענטשלעכע קולות און ריטשען פון בהמות. די דאָרפס-לייט האָבן צוריקגעקערט פון יריד פון בזשעזשניצע. זיי זענען געגאַנגען גרופּקעסווייז, שריי-ענדיק אויף די סטאַדעס און טומלענדיק צווישן זיך.

פונדערווייטנס, וואו קריסטאַ האָט זיך געפונען, האָט זיך דאָס אַלץ געהערט, ווי אַ לאַנגער, איינטאָניקער רויש, צוזאַמען מיט אַ קלאַפּעריי פון וועגנס, אַ געפילדער פון סטאַדעס גענז און פּלוצלינגדיקע שיכורע אויסגעשרייען, אַ קנאַקן פון בייטשן, גע-זאַנגען און אַ ריטשען פון בהמות.

קריסטעס אויפמערקזאַמקייט האָט זיך האַסטיק געווענדט אין יענער זייט.

— מענטשן גייען שוין פון יריד, קומט שוין אודאי די מוטער אויך... אָדער זי איז שוין דאָ... און פּאַוועל...

דער דאָזיקער נאָמען האָט פּלוצלינג ביי איר אין קאָפּ אָפּגעקלונגען מיט אַ משונהדיקן עכאָ. זי האָט זיך פאַרקלערט איבער דעם נאָמען, ווי זי וואָלט אים דאָס ערשטע מאָל אין לעבן געהערט.

— פּאַוועל...

און פּלוצלינג האָט אַ רויטקייט באַגאָסן איר געזיכט, איר שטערן און האַלז. קריסטאַ האָט דערפילט אַ בושה פאַר זיך זעלבסט. אין דער דאָזיקער איינזאַמקייט פון די פעלדער אַרום, האָט זי דערפילט אַ ברענענדיקע מיידלשע בושה און זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

אַ צייט לאַנג איז זי אַזוי געגאַנגען פאַררויטלט פון דער בושה, וואָס האָט איר פון טיפן האַרצן געשלאָגן צום געזיכט מיט אַ שרפה-שיין, וועלכע אַיז דאָך ביסלעכווייז איינגעשטילט געוואָרן.

דער טומל פון קולות איז דערווייל אַלץ נענטער, אַלץ דייטלע־
כער געוואָרן, ער איז שוין גאָר נאָנט געווען.

קריסטא האָט זיך אומגעקוקט אין דער זייט און האָט אַראָפּגענייגט פון וועג.

... דורך די סעדער דאַרף מען גיין, נישט דורכן דאָרף...
צו דער בריק... זי וועט גיין ווייט, ווייט, ביז זי וועט אַנטקעגן באַגעגענען... ווען ס'זאָל אַפילו אויסקומען צו גיין ביז דער סאַ־
מער בריק, וועט זי אויך גיין! זי וועט אים פונדערווייטנס דער־
זען... ער וועט זי אויך דערזען... ער וועט זי פונדערווייטנס דערקענען... און וועט ווי אַפויגעלע צופלירן צו איר... ווי אַ וויכער וועט ער צולויפן... און זי צו אים אויך... צו אים...

— זאָל זיין וואָס עס וויל! נאָר זאָל ער כאָטש איין גוטע שעה האָבן! זאָל ער כאָטש איין מאָל, איין איינציק מאָל, נאָר מיט אַ דערפריידט האַרץ זי צודריקן צו זיך! זאָל ער כאָטש נאָר אַ קורצע ווײַלע זיין גליקלעך און צופרידן, וואָס ער איז צוריק אַהיימגעקומען!..

זי האָט איצט גערעדט מיט אַ זיסער, פּאַרשטיקטער, גע־
רירטער שטים. דער שטורם פון געפילן אין איר האָט זיך איינ־
געשטילט, באַרויקט; און אַן אומגעהויערע, פאַרחלומטע נשמה־
געמיטלעכקייט האָט באַהערשט איר' האַרץ, איר נשמה.

— זאָל ער זשע, דער אָרימער נעבעך, כאָטש אַזויפיל פרייד האָבן!.. זאָל ער צוריק האָבן די געטריישאַפט און ליבשאַפט!..
זאָל אים די וועלט נאָך אַמאָל שמעקן מיט בלומען!..

זי האָט גערעדט און געטראַכט וועגן דעם צוריקגעקומע־
נעם, ווי וועגן אַ שטאַרבנדיקן, וועלכער וועט שוין מאָרגן די זון נישט אָנקוקן. אַבי היינט... אַבי נאָך איין ווײַלע!

וועגן דעם, וואָס מיט איר וועט געשען, וואָס מיט איר וועט זיין, האָט זי נישט געטראַכט. איר שרעק, איר אומרויקער פחד האָט זיך פאַרלוירן אין דער איינער שטרעבונג.

— אַבי נאָר איינמאָל... אַבי נאָר איינמאָל נאָך!..

זי האָט זיך איצט שוין געפונען אויף דער גראָבליע, הינ־טער ווע̄לכער עס האָט זיך געשוואַרצט אין דער נעפּלדיקער לופט דער צלם אויפן וועג. זי האָט אָנגעשטרענגט דעם בליק און עס האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז פון הינטערן צלם באַ־ווייזט זיך עפּעס אַ מענטש. זי האָט אים כמעט נישט געזען, נאָר עס האָט זיך איר געדאַכט.

אַ היץ האָט איר אַ שלאָג געטון צום פּנים, ס׳האַרץ האָט זיך אַ צאַפּל געטון אין איר, ווי עס וואָלט געפּלאַצט...

— אַנטעק! אַנטעק! — האָט זי אַהויכן געשריי געטון און אויסציענדיק די הענט פאָרויס, האָט זי זיך געלאָזט לויפן איבער דער גראָבליע, ווי אַ ווינט וואָלט זי געטראָגן.

אַן אומגעהויערער אויסברוך פון ווייטאָק און ליבע האָט געקלונגען אין דעמדאָזיקן אויסגעשריי. די גראָבע פּאַטשיילע האָט זיך איר אַראָפּגעגליטשט פון קאָפּ אויף די אַקסלען, דאָס פּאַרטוך, וועלכעס זי האָט געהאַט פאַרוואָרפן אויף די פּלייצעס, האָט געפאָכעט אין בלאָען נעפּל הינטער איר, ווי גרויסע פליגל און זי איז, ווי אַ פאַרבלענדעטער פויגל געפלויגן אין דער בלאָ־קייט און אין דעם נעפּל, מיט אַ פאַרוואָרפענעם קאָפּ אַהינטער, שרייענדיק, כליפּנדיק, אינגאַנצן אין היץ און אין טרערן.

אַנטעק האָט זי דערקענט פונדערווייטנס.

— קריסטאַ! — האָט ער גערופן — קריסטאַ!

אָבער איידער ער האָט זיך אומגעקוקט, איז זי שוין צו־געפאַלן צו זיין ברוסט, האָט זי שוין אַרומגעקלאַמערט מיט אירע הענט זיין האַלז, האָט זי שוין, כליפּנדיק, צוגעדריקט צו אים איר ברוינלעך געזיכט.

— יאַנטאָכנאַ!.. יאַנטאָכנאַ!.. לאַבאָגאַ רעטאַ, יאַנטאָכנאַ!..

אַזוי רופנדיק האָבן זיך זייערע ליפּן באַהעפט, און אַזוי זענען זיי געשטאַנען — שטום אומבאַוועגלעך.

דער יינגער זעלנער איז דער ערשטער צו זיך געקומען פון דער דאָזיקער באַגייסטערונג. ער האָט מיט ביידע הענט אָנגענומען איר טונקעלען צו אים אויפגעהויבענעם קאָפּ, האָט

אים אַביסעלע אָפּגערוקט און האָט זיך איינגעקוקט. ער האָט לאַנג געקוקט, דורשטיק און דורכדרינגענדיק.

– וואָס זשע ביסטו אַזוי אויסגעדאַרט, קריסטאַ? וואָס זעסטו אַזוי שלעכט אויס?

זי איז רויט געוואָרן, ווי אַ פייער, לאָזנדיק פינקלענדיקע טרערן פון הינטער אירע אַראָפּגעלאָזטע וויעס.

– צוליב דיר, יאַנטאָכנאַ, צוליב דיר!

– דו האָסט אַזוי געבענקט נאָך מיר?

– אוי געבענקט, יאַנטאָכנאַ, אַזוי באַנג, ווי אָן דעם וואַסער! ווי אָן דעם ברויט!

– פרייסטו דיך, וואָס איך בין צו דיר צוריק געקומען?

– אוי, כ'פריי מיך, יאַנטאָכנאַ, אוי, כ'פריי מיך! אַזוי ווי מ'וואָלט אין מיר אַ נייע נשמה אַריינגעזעצט! אַזוי פריי איך מיך!..

– אין דער היים איז אַלץ אין אָרדנונג?

– אַלץ, יאַנטאָכנאַ, אַלץ!

זי איז געשטאַנען צוגעדריקט צו אים, נישט אַוועקנעמענדיק אירע הענט פון זיין האַלז, און ער האָט אויך נישט אַרויסגעלאָזט איר קאָפּ פון זיינע הענט און נישט אויפגעהערט צו קוקן אין איר פּנים אַריין, אויף וועלכן עס האָט זיך געמאָלט אַ ים פון פּיין און גליק צוזאַמען.

ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן, דערנאָך האָט ער זיך אָנגעבויגן צו איר, האָט פאַרזונקען זיין בליק אין איר בליק און האָט שטיל געזאָגט:

– ביסט מיר דאָ טריי געווען, קריסטאַ?

אירע ברעמען האָבן אַציטער געטון.

– אוי, כ'בין טריי געווען, טריי, יאַנטאָכנאַ!

– שווערסט מיר הייליק?

– כ'שווער די...

איר שטים האָט זיך איבערגעריסן און זי האָט אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין

– פאַרוואָס זשע וויינסטו אַזוי?

—פון פרייד וויין איך, יאַנטאָכנאַ! פון פרייד און פון ליבּ־שאַפט וויין איך.

אַצינד האָט דער פויער אָפּגעלאָזט איר קאָפּ, האָט אַראָפּ־גענומען ס'היטל און האָט זיין שטראַלנדיקן בליק צום צלם געווענדט.

— אַ דאַנק דיר, יעזוס קריסטוס, וואָס דו האָסט מיך מיט דיין גרויס חסד גליקלעך אומגעקערט פון וויטן וועג אַהיים, און האָסט מיין הויז מיט דיין בּאַרמהערציקע השגחה בּאַשוצט! אין נאָמען פון פאָטער און זון און הייליקן גייסט, אָמן!

ער האָט זיך איבּערגעצלמט לאַנגזאַם מיט אַ גרויסן קרייץ, הויבּנדיק די האַנט פון איין אָרעם צום אַנדערן, דערנאָך האָט ער אַ קוק טוענדיק מיט ליבּשאַפט אויף קריסטען, פעסט זי צוגעדריקט צו זיין האַרץ.

— וויין זשע נישט, וויין נישט, קרישא! דו בּיסט מיינע!.. מיינע?.. מיינע?..

— דיינע, יאַנטאָכנאַ, דיינע!..

עס האָט זי געשווידערט אונטערן איינדרוק פון אַנטעקס תפלה, אירע ציין האָבּן שטיל פּיבּעריק געקלאַפּט.

— זאָל זיין! — האָט זי געטראַכט — זאָל זיין וואָס עס ווילן לאָמיך אַפילו אייבּיק בּרענען אין גיהנום!..

— וואָס זשע ציטערסטו אַזוי, קרישא?

— ס'איז קאַלט...

זי האָט איינגעטוליעט דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען און צוגעמאַכט די אויגן.

— לאָמיר זשע גיין גיכער אַהיים, וועסטו זיך דערוואַרי־מען!

ער האָט זיך געלאָזט גיין, נישט אַראָפּנעמענדיק די האַנט פון איר האַלז.

איצט ערשט האָט זי בּאַמערקט, אַז אַנטעק הינקט עטוואָס צו. זי האָט אָבּער גאָרנישט געזאָגט. מיט די אויגן האָט זי דאָס געזען, אָבּער עס איז נישט דערגאַנגען צו איר מח, וואו עס איז געלעגן אַ מין גרויסער וואָרים, אַזאַ גרויס שטיק שוואַרצקייט!..

נאָר ערשט ווען זי האָט דערזען, אַז אַנטעק וויל פאַרקירעווען צום שאָסע, האָט זי פּלוצלינג ווי אויפגעוואַכט.

— לאָמיר גיין דורך דער גראָבליע, יאַנטאָכנאַ, נישט דורכן דאָרף !.. ס׳וועט זיין נענטער...

ער האָט געלאַכט.

— אוי, דו, דו !.. דו ווייסט דען, וואָס עס הייסט וויית, אָדער נאָנט !.. דאָס פרעג מיך ! איך בין דאָך אַזאַ שטיק וועלט אויסגעוואוען, נאָכן ים אזש... כ׳האָב אַפילו נישט געקענט קיין סך שרייבן, ווייל ווי אַזוי וואָלט אַ שטיקל פּאַפּיר גאָר געקענט דערגיין, אַז איך אַליין בין קוים דערגאַנגען !

— אוי, כ׳האָב אויסגעקוקט דיין שרייבן, כ׳האָב עס אויס-געקוקט, ווי דאָס בלעטל פון בוים קוקט אויס דעם רעגן !.. אוי, פאַרוואָס האָסטו כאָטש נישט געשריבן בלויז, אַז דו לעבסט ?..

— כ׳האָב געשריבן ! ווי גאָט איז מיר ליב, אַז כ׳האָב געשריבן ! אַ „זאַקאַזאַנע“ בריוו האָב איך געשריבן ! וואָס דען ? האָט מען עס מיר אַצינדערט ערשט אין אַרטעל אָפּגעגעבן, אַז זיי קענען נישט טרעפן ! דער בריוו איז געגאַנגען איבער דער וועלט מער פון פיר חדשים. אין אַרטעל זאָגן זיי מיר : ס׳איז שלעכט געשריבן ! וואָס הייסט ס׳איז שלעכט געשריבן ?.. — זאָג איך — ס׳שטייט דאָך אינגאַנצן אַרויסגעשריבן: צו קריסטא די זעלנערקע. זאָגן זיי: ס׳איז ווייניק ! נו, אַוודאי, ווי אַזוי זאָל עס נישט זיין ווייניק דורך אַזאַ וויטן וועג ? כ׳בין דאָך אַזש הינ-קענדיק געוואָרן גייענדיק דאָ צו דיר אַהער !

— אָ, יעזו ! יעזו !.. ס׳טוט דיר טאָקי שטאַרק וויי ?

— עפּע... אַזוי, נישט זער ! נישט אַזוי שטאַרק ! אין וועג האָט עס מיר אַזוי גישקשה ווי געטון ! אָבער אַצינדערט נישט אַזוי שטאַרק, אַצונד וואָלט איך ביז קאָשטשעלניצע אויך דער-גאַנגען !

זיי זענען געגאַנגען פּאמעלעך, צוגעטולעט איינס צום צווייטן.

ער האָט אויפגעהויבן הויך דעם קאָפּ און האָט מיט אַ ליכטיקן בליק זיך אומגעקוקט איבער די פעלדער. ער האָט ז

געקושט, געגלעט איבער די האָר, גערעדט, געפרעגט. ער וואָלט געוואָלט איר אַלץ מיטאַמאָל דערציילן, אַלץ מיטאַמאָל זיך דער־וויסן. ער האָט אַזויפיל גליק געפילט אין זיין ברוסט, אַז ער האָט אָפט איבערגעריסן אינמיטן די רייד און האָט זיך הויך צעלאַכט צו דעם גראָען הימל, וואָס האָט זיי אַרומגענומען מיט אַ פרייען בין השמשות, צו די פוסטע נאַקעטע פעלדער, צום לעבן.

קריסטאַ איז געגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, עטוואָס איינגעבויגן פון זיין אָרעם, וועלכן ער האָט געהאַלטן אויף איר אַקסל. זי האָט געהאַט אַ ברייט געעפנטן צעמישטן בליק, ווי איינער וואָס גייט צו אַן אָפּגרונט! נאָר קוים, קוים עטוואָס פון דעם וואָס אַנטעק האָט גערעדט, האָט זי געהערט. זי איז געגאַנגען איינגאַנצן פאַרזונקען אין מחשבות, אין טיפער באַראַטונג מיט דער אייגענער נשמה. אירע שמאָלע ברעמען האָבן זיך קאַפּויר־געהויבן הויך אויפן שטערן, וואָס איז געווען דורכגעשניטן מיט אַ דייטלעכן לענגלעכן קנייטש.

אַזוי זענען זיי געקומען ביז אויף דער גראָבליע.

— כ'פריי מיך אַזוי, קרישאַ — האָט זיך אַנטעק אָנגערופן

— כ'פריי מיך אַזוי, ווי מ'וואָלט מיר הונדערט רובל אויף דער האַנט אָנגעציילט! וואָס רעד איך!.. מער!.. ווען מ'זאָל מיר אַפילו הונדערט און צוואָנציק רובל אָנציילן, וואָלט איך אויך נישט אַזוי צופרידן געווען, ווי איך בין צופרידן כּו' דעם, וואָס כ'בין צו דיר צוריקגעקומען! אַ מורא, ווי כ'האָב געבענקט! כ'האָב אַזוי געבענקט נאָך דיר, קרישאַ, אַז, האַ! וואָס זאָגסטו?..

זי האָט גאָרנישט געזאָגט. אפשר האָבן אירע ליפּן אַליין אַרויסגערעדט עפּעס אַ וואָרט פון פאַרצווייפלונג, אָבער זי האָט אַליין נישט געוואוסט וועגן דעם.

— קוק זשע נישט אַראָפּ אויף דער ערד, נאָר אויף מיר!.. כ'האָב, גלייב מיר, דיינע אויגן שטענדיק געזען פאַר מיר.. דאָרט... ווייט, אַזש נאָכן ים!.. דאָס האָט דיר וואָלעק געזאָגט, אַז איך גיי?

זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

— יאָ...

— ווען איז ער דאָרט צו אייך אָנגעקומען ?

— כ'האָב אים געטראָפן אויפן וועג...

— וואוהין ביסטו דען געגאַנגען ?

אַ היץ האָט זי אַרומגעכאַפּט.

— כ'בין אַזוי געגאַנגען...

זי האָט זיך דערמאָנט, אָדער ריכטיקער, זי האָט דערפילט, אַז זי האַלט אַלץ נאָך דאָס טיכעלע מיטן געלט, וואָס זי האָט געטראָגן פאַר זיין נשמה וועגן, און זי האָט נישט ווילנדיק אַרויסגערעדט:

— ס'איז הייגט „הזכרות"...

און דער זעלבער האָט אָפּגעזיפצט.

— אייביקע רו גיב זיי גאָט, און דיין ליכט זאָל זיי דאָרט אייביק לייכטן !

— „אָמענט" ! — האָט קריסטא שטיל דערענדיקט.

אָבער ער האָט שוין אויפגעהויבן דעם קאָפּ, צעלאַכט זיך, און אַ קוק טוענדיק איבער דער גראָבליע צום דאָרף, האָט ער געזאָגט :

— זעצט דאָס אַ רויך פון די כאַטעס ! צי באַקן די ווייבער הייגט ברויט, צי וואָס ?.. זעסט, קרישא ?.. וואָס ?

און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט ער ווייטער געזאָגט :

— שלום עליכם דיר, ליבער, מיין ליבער רויך דו גראָער ! • רויך דו גוטער !.. העי !.. העי !.. און איך האָב שוין געמיינט, אַז כ'וועל זיך שוין קיינמאָל נישט דערשלעפּן אַהיים, צו דיר !.. אַ דאַנק דיר, גאָטעניו !.. קום שנעלער, קרישא ! די מוטער ווייסט שוין ?

ער האָט כמעט געציטערט פון אומגעדולד, דאָס גליק האָט אים אָראָפּגעשטראַלט פון זיין דאַר און פון ווינט פאַרברענט פנים.

און נישט קענענדיק טאַקי זיך באַהערשן, האָט ער נישט

וואַרטנדיק אויף קריסטעס ענטפער, זי אַרומגעכאַפּט אין דער העלפט און אויסגעקושט איר מויל, אירע אויגן.

— העי, קרישא! קרישא!.. מיר זענען דאָך ווידער צוזאַמען!..

— צוזאַמען, יאַנטאָכנאַ, צוזאַמען!..

— פרייסטו זיך, ווייבל!..

— אוי, כ׳פריי מיך, כ׳פריי מיך, ס׳האַרץ ווערט אין מיר שיער צעפּלאַצט...

זי האָט צוגעדרוקט מיט דער האַנט זיך ביים האַרץ און האָט שטיל געקרעכצט.

זי איז איצט געווען אַ מינוט רויט, אַ מינוט בלייך, דער אָטעם אירער אָפּגעריסן, קורץ, כריפּנדיק, דער בליק אומרויק, צעשטרייט...

זיי זענען שוין געווען הינטער דער גראָבליע, אין די סעדער, נישט ווייט פון דאָרף, האָט אַנטעק זיך אָפּגעשטעלט.

— כ׳האָב געוואָלט זיך צוויילן — האָט ער געזאָגט—אָבער ס׳גייט נישט!.. כ׳האָב זיך נישקשה דעריאַכמערט אין דעם וועג!

ער האָט זיך גענומען רייבן דעם פוס.

קריסטא האָט אַראָפּגעשלונגען דאָס שפייעכץ, זי האָט זיך אַ ווײַלע ווי געוואַקלט.

און פּלוצלינג האָט זי אויפגעהויבן אויף אים איר, ווי די ערד שוואַרץ געוואָרן, פּנים, און האָט מיט אַ מאַט-טויטער שטים געזאָגט צו אים:

— גיי זשע דיר, יאָנטאָכנאַ, פּאַוואָלינקע, און איך וועל פריער געבן אַ לויף צ.. דער מוטער זאָגן...

— ע.. ניין!... וואַרט בעסער! מיר וועלן גיין צוזאַמען!

— די אותו רגע בין איך דאָ צוריק! גיי דיר אַזוי פּאַמעלעך! כ׳וועל געבן אַ שפּרונג אויף איין פוס.

זי האָט זיך אויסגעדרייט און האָט גענומען שנעל גיין.

— וואַרט, קרישא!.. וואַרט... — האָט אַנטעק גערופן.

אָבער זי האָט נישט געוואַרט, זי איז וואָס אַמאָל אַלץ שנעלער געגאַנגען. זי איז שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ שטיק

וועג און ער איז נאָך געשטאַנען אויפן זעלבן אָרט און געריבן זיך דעם פוס.

און פּלוצלינג האָט זי זיך געלאָזט לויפן צוריק און איז אים אויפן האַלז געפאַלן.

— האָסט מיך ליב, יאַנטאַכנאַ?

ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער זי האָט אים אירע הייסע ליפּן צוגעדריקט צו זיינע און אַ לאַנגע ווײַלע אַזוי גע־האָנגען ביי אים אויף דער ברוסט.

אין דערדאָזיקער צערטלעכקייט אָבער איז געווען אַ מין קרעכץ, אַ מין טויט־אַנגסט.

אַנטעק האָט אַ שטראַלנדיקער געלאַכט:

— אָבער דו האָסט זיך אומגעקערט צוריק!..

זי האָט זיך מיט געוואַלט אָפּגעריסן.

— גיי־זשע דיר אַזוי פּאַמעלעך, — האָט זי געזאָגט — און קוק גלייך צו דער טיר דאָרט, וואָרום איך וועל נאָך אַריינפאַלן זאָגן דער מאַמען און גלייך צוריקקומען... דו וועסט נאָך נישט זיין ביי דער ווערבע, וועל איך שוין זיין צוריק, יאַנטאַכנאַ!

און זי איז שוין געלאָפן. די לעצטע ווערטער זענען זיך צעשווימען אין דער נעפּלדיקער לופט.

* *
*

פּאַוועל איז געזעסן אויף דער באַנק ביים טיש אין אַ נייע פעלץ, דאָס היטל פאַררוקט אַ הינטער און האָט געציילט דאָס געלט, וואָס ער האָט געלייזט אויפן יריד פאַר צוויי עקס־לעך. נעבן אים איז געזעסן די אַלטע קאַרבאַוויאַטשקע אין די יום־טובדיקע קליידער, אין די געדיכטע שפּיצן און פליטערלעך. די עלנבויגנס האָט זי אָנגעשפּאַרט אָן טיש, די גאָמבע אויף די

הענט און האָט אויפֿן געציילטן געלט געקוקט מיט עטוואָס פאַר-
נעפּלטע אויגן, פֿון כּיבוד ביי דער שימשאָווא.

אין ווינקל, ביים קוימען, האָט די „טויבע" געוויגט דאָס
קינד, אַרויסקראַצנדיק גיריק פֿון טאָפּ דאָס איבערגעבליבענע
שיטערס פֿון מיטאָג.

פּלוצלינג האָט זיך די טיר שטיל געעפֿנט און קריסטא איז
געקומען אַריינצולויפֿן.

זי איז אַריינגעלאָפֿן, האָט זיך אַרומגעקוקט איבער דער
שטוב און איז געבליבן שטיין ביים בעט.

דער פֿאַראָבעק, וועלכער האָט הויך געציילט, האָט זיך
פֿאַרהאַקט און האָט איבערגעריסן אינדערמיט.

די אַלטע האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ.

— קריסטא! — האָט זי מיט אַ מאַטער שטים אויסגערופֿן.—
וואו ביסטו דאָס אַזוי לאַנג געווען?

זי האָט נישט געענטפֿערט. איר מויל איז געווען פֿאַרהאַקט,
דאָס פּנים בלייך, די אויגן ברייט אויפֿגעריסן, ווי צוויי שוואַרצע
פֿלעקן. זי האָט אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דאָס טיכל, אַראָפּגע-
וואָרפֿן דאָס פֿאַרטוך, האָט אַ וואָרף אַנידער געטון אויפֿן קישן
דאָס טיכל מיט געלט, האָט אַ קוק געטון אויף דער מוטער,
אויפֿן קינד, האָט אַראָפּגעריסן דעם צלם פֿון האַלז און איז מיט
דער צווייטער קעגנאיבערדיקער טיר אַרויסגעלאָפֿן פֿון שטוב.

— וואָס איז?... וואָס איז געשען? — האָט די אַלטע קאַר-
באַוויאַטשקע געפֿרעגט, ווען עס האָט אויף איר אַ בלאָז געטון אַ
קאַלטער ווינט פֿון דער ברייט אויפֿגעפּראַלטער טיר.

דער פֿאַראָבעק האָט אויסגעגלאָצט די אויגן: דאָס געלט,
וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט, האָט זיך קלינגענדיק
אַ קייקל געטון איבערן טיש.

קריסטא איז געלאָפֿן. צום טייך איז זי געלאָפֿן, ווי אַ פֿייל
פֿון בויגן. זי איז דורכגעלאָפֿן דעם גאָרטן, די לאָנקע, ביז עס
האָט אַ גלאַנץ געטון פֿאַר איר דאָס ברייטע, צעוואַקסענע מיט

געדעמפטן רויש שטראָמענדיקע וואַסער. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן, קאַפּוירגעהויבן די אַקסלען און אָנכאַפּנדיק זיך מיט ביידע הענט פאַרן קאָפּ, איז זי אָן אַ געשריי אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער.

אין דערזעלבער מינוט איז אַנטעק אין דער טיר אַריין.

---

\- - - - - - - - - - - -

זאָל אויך וועגן דיר דאָ ווערן דערמאַנט
אַלטינקע מיין, מיטן שטעקן אין האַנט,
וואָס ביסט מיר אין רו, אין זון דערשינען
אַ טיף ווייסע, פון זילבער־געשפּינען,
ווי ס׳דערשיינט אַמאָל נאָך מאַטערניש לאַנג
דער קלאָרער — טיף אין קלאָרהייט, לעבנס־געדאַנק.

\- - - - - - - - - - - -

אַ שטילער, הייסער נאָכמיטאָג. דער ליטשאַקאָווער פּאַרק אין לעמבערג האָט ווי געגליט אין דער פייערדיקער לופט, וואָס האָט אַזש וויברירט פון שאַרפן, שטראַלנדיקן זון־ליכט.

אין דער גאָלד־גרין ליכטיקער זון־נעץ, וועלכע האָט זיך דורכגעזיפּט דורך די שאָטנדיקע בלעטער פונם ליפּן־בוים, איז כמעט אומבאַוועגלעך און אָן דעם מינדסטן רויש געהאָנגען אין דער לופטן אַ פאַרחלשט געווימל פון קליינינקע אינזעקט־פליגעלעך; איבערן גראָז אַרום האָבן אַרומגעפלאַטערט שמעטערלינגען, אַלע מאָל אַ קורצן, נידריקן פלאַטער און גלייך פאַרפאַלן טיף צווישן די גרעזער. דער שטיין־זאַמד אין די אַלעען לענג־אויס די בענק, האָט געבלישטשעט בלענדענדיק און שטאַר־

קע געדעמפטע ריחות האָבן דורכגעזאַפּט די לופט, ווי בשמים. דאָס אַלץ איז אָנגעשטאַנען נאָך אַ פרישן, טוי־פייכטן פרימאָרגן, ווען די זון איז ווי אַ פּייער־ווייסע קויל שוין אַרויף הויך אין הימל און מיט דער גאַנצער היץ געשפּיזט אויף דער אָטעמדיקער און דערשוויצטער ערד. דער פּאַרק איז געווען לער. די, וואָס קומען דאָ אין פרימאָרגן, זענען שוין געהאַט אַוועק, און די, וואָס זוכן קילקייט און שאָטן זענען נאָך נישט געקומען. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז די שטראַלנדיקע היץ ווערט אין די אַרומיקער שטילקייט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער און דאָס סיקן פון די פעלד־גרילן אינדערוויילנס איז אויסגעקומען, ווי אַ לייכט קנאַ־קעריי פון עפּעס פאַרבאָרגענע פינקען, וואָס פאַרגרעסערן נאָך די מיטאָגדיקע היץ.

אינדעם האָב איך דערהערט הינטער זיך אַן אייליק קלאַפּן פון אַ שטעקן. כ׳האָב זיך אומגעקוקט. צו מיין באַנק האָט זיך מיט דראָבנע, איילִיקע טריט דערנענטערט אַ קליינינקע, טיף איינגעבויגענע אַלטיטשקע. איר ווייסער טשעפּיק אויפן קאָפּ האָט זיך בלענדנדיק געזילבערט אונטער דער זון, אַזוי ווי דאָס ווייסע טיכל, וואָס זי האָט געטראָגן פאַרבונדן אונטער די אָרעמס אַרום דעם גראָבן קאַפּטאַן אויף איר און דאָס ברייטע פאַרטוך אירס. אויף איין אָרעם האָט איר אַראָפּגעשווערט אַ קויש, און דעם צווייטן אָרעם האָט זי כסדר אויסגעשטרעקט פאַר זיך, קלאַפּנ־דיק אָן דער ערד מיטן קליינעם שטעקעלע, וואָס האָט איר לייכטער געמאַכט דעם גאַנג און אפשר אויך דעם בליק עפּעס געהאָלפן.

זי איז נאָך געווען ווייט, ווען כ׳האָב דערהערט איר קורץ און שווער אָטעמען. זי האָט, קענטיק, געאיילט צו דער באַנק, כדי זיך אָפּצורוען און אַוועקצושטעלן דעם קויש. אירע אַלטע אויסגעטריקנטע פיס האָבן געטרעטן שווערלעך, מיט אָנשטרענ־גונג, אַלץ שנעלער טאָפּטשענדיק און אַלץ קרומער שטעלנדיק די טריט. דער קאָפּ אירער איז געווען אַזוי אַראָפּגעבויגן, אַז כ׳האָב איר פּנים נישט געקאָנט זען. אויך זי האָט מיך זיכער נישט געזען. ערשט, ווען מיין שאָטן איז שוין אויסגעקומען האַרט

פאַר איר, האָט זי זיך ראַפּטוגס אָפּגעשטעלט, זיך עטוואָס אויס־געגלייכט און אויפגעהויבן צו מיר איר געזיכט. וואָס פאַר אַ נעץ פון קנייטשן דאָס איז געווען! דאָס לעבן, וואָס האָט געשפּינען די פעדים פון דער נעץ, האָט געמוזט זיך ציען לאַנג, זער לאַנג; עס האָט אויך, קענטיק, קיינמאָל נישט גערוט. אַ לעבן, וואָס האָט געוואוסט פון אָנהויבן אַרבעטן פאַרטאָג ביי אַ ליכט און ענדיקן, ווען די הענער האָבן געקרייעט אין האַלבער נאַכט. עס האָט אויף זיין גראָ שפּינרעדל אַוודאי אַרומגעוויקלט דעם גאַנצן לעבנס־פאָדים פון דערדאָזיקער אַלטער ברוסט, עס האָט דעם פאָדים געוויס גערִיסן, געפּלאָנטערט, געקניפּט און ווייטער געריסן און ווייטער געקניפּט, נישט אויסגעגלייכט די פּלאָנטערן, נאָר גיך, גיך, גיך...

זי איז אַזוי אַ ווײַלע געשטאַנען, ווי פאַרחידושט, זשמורנ־דיק מיט אירע קליינע, גראָע אייגעלעך, נאָר באַלד איז זי צוגעגאַנגען צו דער באַנק און אָנשפּאַרנדיק אָן איר דעם קויש, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען אַ ביסל קיכעלעך, האָט זי איינמאָל און אַ צווייט מאָל טיף אָפּגעזיפצט.

— ס'איז הייס — האָב איך זיך אָנגערופן, אַבי עפּעס צו זאָגן.

— אַ, ר'האָט אונז געגעבן דער ליבער יעזוס, ר'האָט אונז געגעבן! — האָט זי געענטפערט, ווישנדיק זיך מיט איר איינגעשרומפּענער האַנט דעם שווייס פון ליינוואַנט־בלייכן פּנים— ס'פּייער פאַלט פון הימל!

— איר וועט זיך אפשר אַ ווײַלע צוזעצן?

— וואָס וועל איך דאָרט גיין זיצן, טייער קינד! אַזוי, אַבי זיך אָנצושפּאַרן. און אַזאַ זקנה איז שווער זיך צו זעצן און שווער זיך אויפצוהויבן. באַלד הייבט דאָרט אָן אין רוקן עפּעס צו קנאַקן...

— ווי אַלט זענט איר, באָבעשי?

— וואָס וועל איך דאָרט גיין ציילן, טייער קינד. דער ליבער יעזוס ציילט שוין אוודאי אָן מיר... אַן אַכציק וועט שוין מכתמא זיין... אַכציק, אָדער נאָך מער. אַזוי פון זכרון איז שווער

צונויפצורעכענען אַלץ צוזאַמען. נאָר ביי אונז אין גמינע ווייסן שוין מענטשן... פאַראַן אַזוינע פּאַפּירן אויף דעם...

– איר זענט נישט קיין היגע, באָבעשי?

– וואָס האָב איך, טייער קינד, צו זיין אַ היגע? פון וואָדראָוויץ בין איך, פון אַ שטעטעלע. וואָס דען! נאָר היינט איז דאָרט עפּעס אַ ישוב געוואָרן מיט אַנדערע נייעסן. נאָר מענטשן קענען מיך דאָרט גוט. באַנאַשאָוואַ, מ׳זאָגט נאָר באַנאַשאָוואַ, ווייסן שוין אַלע פון קליין ביז גרויס וואָס און ווען...

– און איר האָט זיך געבראַכט צוציען קיין לעמבערג?

– וואו קום איך דאָרט קיין לעמבערג, טייער קינד! לעמבערג וועט מיר דען עפּעס געבן, צי עפּעס העלפן? דאָס איז נאָר פאַר יינגע געמאַכט געוואָרן ארומצושמייען וואו די וועלט האָט אַן עק, אָבער נישט פאַר מיינע יאָרן! נאָר וואָס דען, כ׳האָב דאָ קינדער, אַ טאָכטער, וואָס דער מאַן אַרבעט אין דער פאַבריק פון טשוועקעס... וואָס דען! און אַזוי ווי די היי־ליקע, טייערע ערד האָט מיך גענומען רופן צו זיך, בין איך צו זיי אַהערגעקומען שטאַרבן. ביי ס׳זייניקע איז, קודם, גרינגער צו שטאַרבן. אפשר חלילה אַ שווער גוססן, איז כאָטש דאָ וועמ ס׳זאָל אַביסל שטרוי אונטערלייגן, און דער נשמה פון זינדיקן גוף העלפן אַרויסגיין.

– און ס׳איז אייך גוט ביי די קינדער?

– מילא! גוט. דעם אַלטן איז אומעטום גוט, ווייל דאָס שלעכטס וועט אים שוין סיי־ווי נישט מיידן. נאָר עפּעס איז מיר נישט געגאַנגען אַזוי ווי כ׳האָב געוואָלט.

– מיט וואָס איז עס אייך אַזוי נישט געגאַנגען?

– הערסטו, מיט דעם שטאַרבן טאַקי, טייער קינד מיינס. כ׳בין דאָך אַהערגעקומען צו די קינדער שטאַרבן, און דאָ לעב איך גאָר און לעב. וואָס בין איך דען – אַ שפּינוועבס, מ׳שטיינס געזאָגט, קוק מיך אָן און ריר מיך נישט אָן, און דאָ איז גאָר צו לאַנג לעבן אין מיר, אַז דער אויבערשטער זאָל שומר ומציל זיין! באַלד ווי כ׳בין געקומען, איז אַ דאַנק דעם אויבערשטן, קיין שום געשעפטן נישט געווען: מ׳האָט מיך איינגעמעלדעוועט,

פיין, גוט. דער איידעם פלעגט אַוועק אין פאַבריק צו דער אַר-בעט, די טאָכטער פלעגט זיך אין שטוב אַרומדרייען און איך בין גיר געזעסן ביים אויוון, געשלייסט דאָס קישן פעדערן, וואָס כ'האָב מיר ביסלעכווייז אָנגעזאַמלט, האָב מיר דערביי אַזוי שטיל געזאָגט דעם „פאַטשעזש" און אויסגעקוקט נאָר, די לעצטע שעה זאָל שוין קומען. וואַרט איך אַ חודש, גוואַרט צוויי — גאָרנישט נישט אויסצוהאַלטן!

קומט טאַקי איינמאָל זונטאָג אַריין דער שומר פון הויז און זאָגט: פיאָטר, — אַזוי, הייסט דאָס האָט מען מיין איידעם ביים הייליקן טויפן אַ נאָמען געגעבן—אַז די מוטער וואוינט דאָ ביי אייך, מוזט איר אָנגרייטן פאַר איר אַ קאַרטע-פּאָביט. מאַכט צו אים דער איידעם אַזוי: הכלל, וויפיל מאַכט עס דאָרט אויס? זאָגט דער שומר: צוויי גילדן אַ קוואַרטל. האָט אים דער איידעם דאָרט מכבד געווען מיט אַ ביסל טאַבאַק, איז ער אַוועק-געגאַנגען! אַזוי ווי ר'איז אַרויסגעגאַנגען, רופט איך מיך אָן צו פיאָטרן: נאָך וואָס טויג מיר, זונעשי, אַ קאַרטע-פּאָביט, אַז איך בין דאָ אַהערגעקומען שטאַרבן, נישט לעבן? אַ ליאַדע מינוט, קוים וואָס די נשמה האַלט זיך אין מיר. רופט זיך די טאָכטער אָן: — גערעכט. וואָס וועט מען דאָ גיין אויסגעבן געלט, אַז די מוטער היינט, מאָרגן. הכלל, האָבן זיך אַלע צוזאַמען אָפּגעשמו-עסט און שוין, גוט, וואויל. דערווייל, טייער קינד, איז מיר אַזוי נישט גוט געוואָרן, אַזעלכע אַנגסטן זענען אויף מיר אַרויס, אַז יעדעס ביינדל אין מיר האָט זיך געוואָרפן, ווי אַ בלעטל אויפן ווינט און פאַר די אויגן, ווי מ'וואָלט מיר סאַדזע געשיט, אַזוי שוואַרץ איז מיר געוואָרן. און אַ צווייט מאָל האָט מיך אין רוקן גענומען אַזוי ברעכן, אַז ס'זאָלן אַפילו אויפן הימל דריי זונען אויפשיינען, וואָלט איך דעם קאָפּ נישט געקענט אויפהויבן. האָב איך מיר באַלד געקלערט, אַז מסתמא וועל איך שוין דאָ לאַנג נישט אָנציען. נאָר וואָס קאָן אַ זינדיקער מענטש וויסן. ס'איז אַוועק אַ קוואַרטל, ס'איז אַוועק דער צווייטער — גאָרנישט כ'לעב כסדר. כ'עס אַבי, אַבי, שלאָפן שלאָף איך אויף דער ערד הינטערן אויוון — און כלעב אַלץ. וואָס דען! ס'איז

גאָרנישט צו פאַרשטיין... צי האָט דאָרט דער ליבער יעזוס, — טראַכט איך מיר — מיט זיין טייער היילליק פיסל די מאָס אַרי־בערגעטרעטן, צי וואָס?.. ביז איינמאָל קומט דער איידעם אַהיים פון דער אַרבעט און הינטער אים קומט נאָך דער סטרוזש. „דערבאַרעמט אייך פיאָטר — מאַכט ער, — וואָס וועט זיין מיט אייער מוטער. זי איז געקומען שטאַרבן, זאָגט איר, און דאָ גאָר לעבט זי שוין דעם דריטן קוואַרטל און צאָלט נישט קיין קאַרטע־פּאָביט. ס׳איז שוין צוויי מאָל אַזויפיל שטראָף אָנגעוואַקסן. אַנדערע לאָקאַטאָרן באַזאָרגן שוין אַליין, נאָר פון די קעלער־שטיבן האָט מיך דער נאַטשאַלניק געהייסן אַכטונג געבן. ער זאָל זיך אַזוי דאָס דערוויסן, וואָלטן מיר ביידע געהאַט. מאַכט זשע עפּעס אַן עק מיט דעם, אָדער אַהין, אָדער אַהער, וואָרום ס׳מאַכט שוין איצט אַודאי אויס מער פון צען גילדן". איז פיאָטר גאָר אינגאַנצן צעמישט געוואָרן, האָט ער אַ וואָרף אַנידער געטון ס׳היטל אויפן טיש און איז אַזוי געבליבן שטיין אין מיטן שטוב און האָט זיך נעבעך געקראַצט אין קאָפּ. און די טאָכטער ווידער האָט זיך באַלד געגעבן אַ צינד־אָן און האָט געזאָגט: די מאַמע האָט זיך, זע איך, גאָט זאָל נישט שטראָפן פאַר די רייד, · גאָר אינגאַנצן טועה געווען! שטאַרבן איז זי געקומען און דאָ גאָר — וואָס פאַר אַ שטאַרבן! אויף דער עלטער פאַרלירן זיי שוין גאָר דעם שכל. ווי קאָן מען דאָ איצט געבן אַ לייג אַוועק צען גילדן און דערמיט ענדיקט זיך נאָך נישט! מאַכט פיאָטר צו איר אַזוי: שטילער שוין, פראַניע, פּלאַפּל נישט, ווייסט נאָך נישט וואָס דיר איז באַשערט — וואָרום ער איז, גנעדיקע פרוי, אַ דימענטענער מענטש, ער קאָן קיין פליג אויף דער וואַנט נישט טשעפּען. וואָס דען! הכלל, אַהין, אַהער — דער איידעם האָט אים געגעבן, דעם סטרוזש, דריי און צוואַנציק גראָשן, ער זאָל זיך, הייסט עס, נישט מאַכן וויסן ביז עפּעס וואָס, וואָרום איידער מ׳קוקט זיך אום, אַ ליאַדע מינוט וועט זיין נאָך אַלעם. הכלל, אַזוי ווי ר׳האָט אים געגעבן די דריי און צוואַנציק גראָשן, האָט עס מיך ביים האַרצן פאַרקלעמט. די טאָכטער איז אויך אין כעס געוואָרן, זי האָט אַ וואָרף געטון דעם טאָפּ אונטערן

טיש, אַז ער איז שיעור צעזעצט געוואָרן אויף פּיצלעך, אָבער זי האָט שוין גאָרנישט געזאָגט. און ס׳איז גאָר קיין חידוש נישט! גיי און לייג איצט אַזוי פיל געלט אַרויס, ס׳איז איצט אַזאַ מנהג איינגעפירט געוואָרן... נישט געגעסן, נישט געטרונקען, און אַזויפיל געלט פאַר גאָרנישט...

זי האָט טיף אָפּנעאָטעמט און האָט זיך אָפּגעווישט די גרויסע טראָפּנס שווייס פון שטערן.

— אַ לעפל געקעכץ האָבן זיי מיר אַפילו נישט געזשאַלעוועט. גאָט זאָל מיך שטראָפן, אויב איך רעד נישט די ריינע וואָר. וואָס אַן אמת, אַז כ׳בין זיי מיטן עסן נישט געווען קיין צו גרויסער עול: אַ פּאָר לעפל שיטערס, וואָס ס׳איז איבערגעבליבן אין שיסל און שוין. וואָס דען? אַזאַ אַלטוואַרק, ווי איך, דאַרף דאָך נישט אָפּעסן די יונגעלייט די ביינער. יעדער עלטער קומט אירס: אַן אַלטער מעג צו־הונגערן אויך, וואָרום ער טויג סיי־ווי נישט צו קיין אַרבעט, יינגעלייט אָבער מוזן יעדער צו זיין אַרבעט גיין. זיי האָבן מיר נישט געזשאַלעוועט קיינמאָל, נישט דער איידעם, נישט די טאָכטער, אָבער אַזאַ היזק...

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן און האָט נאָר שטיל געשאָקלט מיט איר גראָען קאָפּ.

— נו, און וואָס ווייטער?

— מילא וואָס! ס׳איז געקומען דער צווייטער ווינטער און גאָרנישט. מ׳האָט אַלע מאָל דעם שומר עפּעס אונטערגערוקט און שטיל שאַ. נאָר מיר איז אַלץ נאָר געלעגן איינס אין קאָפּ, וואָס עס האָט זיך נישט אויסגעלאָזט, אַזוי ווי איך האָב געוואָלט... אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט... מילא, כּל־זמן כ׳האָב נאָך נישט געהאַט אויסגעשלייסט ס׳ביסל פעדערן, האָב איך מיר געטראַכט: מילא! זאָל זיי כאָטש אַ שטיקל קישן איבערבלייבן נאָך מיר, אָבער אַז כ׳האָב שוין אויסגעשלייסט אַלע פעדערן...

דערווייל האָט מיך שוין צו ווינטער־צו ווידער גענומען ברעכן אין די ביינער, ס׳האָט זיך מיר נאָך אויך צוגעטשעפּעט אַ הוסט, אַזאַ מין שווערער הוסט... פראַנקאַ! — שוין, אַצינד איז שוין אַ סוף, וואָרום כ׳קאָן שוין אַפילו נישט אָפּעטעמען נאָכן

הוסט. פּאַכט זי, די טאָכטער: ס'וועט דאָרט די מוטער גאָרנישט זיין! אַ גרויסע זאַך מיר אַ הוסט — ס'וועט העלפן, ווי אַ טויטן באַנקעס. וואָרום ס'האָט זי, גנעדיקע פרוי, ביים האַרצן אָנגענו־מען פאַר דעם אונטעררוקן, וואָס מ'רוקט אונטער אַלע מאָל דעם שומר... הכלל, נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין, ליבער יעזוס, האָב איך גענומען צוויי טעג פאַסטן פאַר זיין ליבן נאָמענס וועגן. וואָרום ס'איז מיר שוין געווען אַ חרפּה פאַר מענטשן. אַלע שכנים האָבן דאָך געוואוסט, אַז כ'בין געקומען צו די קינדער שטאַרבן. און איצט, ווער ס'האָט מיך געזען, האָט זיך געוואונדערט... וואָס דען! מתחילת האָט מיך דער איידעם נישט געלאָזט פאַסטן, וואָס וועט דאָרט די מוטער, זאָגט ער, גיין קעגן אויבערשטן! וואָס ס'איז באַשערט, וועט אַזוי אויך קומען. איצט, ווינטער־צייט שטאַרבן זער פיל אַלטע לייט, וועט עס צו דער מוטער, אָן פאַסטן, אַזוי אויך טרעפן. נאָר כ'האָב זיך נישט געלאָזט איבער־רעדן.

— און ס'האָט געהאָלפן?

— אודאי! אויפן דריטן טאָג בין איך אַזוי שוואַך געוואָרן, אַז כ'האָב שוין די שטוב נישט געקאָנט צוקערן, וואָס רעד איך! קיין ביסל וואַסער נישט אַראָפּשלינגען. ס'איז שוין מיין טויט — האָב איך מיר געטראַכט — און ס'איז מיר באַלד גרינגער גע־וואָרן אויפן האַרצן. כ'האָב זיך אָפּגעוואַשן שיין, פיין, כ'האָב אָנגעטון אַ ריין העמד, און האָב מיך אַוועקגעזעצט אויף דער שוועל. כ'זאָג זיך אַזוי דעם ליבן „פּאַטשעוש" און וואַרט. און דאָ זענען אַויפן הימל אַזעלכע ווייסע וואָלקנדלעך און די זון וואַרימט אַזוי, און די פייגעלעך פּישטשען, ווייל ס'איז שוין, הייסט עס, פרילינג־צייט. ווי ס'הייבן נישט אָן צו קלינגען די גלעקער אין שטאָט... זאָג איך צו מיר: אייביקע רו גיב מיר, גאָט, און דאָס אייביקע ליכט זאָל מיר לייכטן לעולם ועד, אמן... און באַלד האָבן זיך מיר די אויגן אַליין צוגעמאַכט און אַזאַ זיסקייט איז זיך מיר איבערן האַרצן צעגאַנגען, ווי ס'גלוסט זיך אַמאָל אַ מענטשן לייכט איינדרימלען. ווי כ'דערהער נישט ראַפּ־טום עמיצן גיין, קלאַפּן מיט די שטיוול. כ'גיב אַ מיס — דער

שומר גייט. ער טראָגט אַ פּאַפּיר, ער רופט אין פּאָליציע, אין קאַ-צעלאַריע אַריין, וועגן דער קאַרטע-פּאַביט, הייסט עס... כ׳האָב געמיינט, די ערד עפנט זיך אונטער מיר. פּיאָטר איז אינדערהיים נישט געווען, די טאָכטער האָט געוואַשן, קאָן מען מיט איר דענצמאָל גאָרנישט רעדן. בין איך אַריינגעגאַנגען אין שטוב, האָב מיך אַנידערגעשטעלט און שטיי און ווייס מיר קיין עצה נישט צו געבן...

וואָלט פּיאָטר געווען אינדערהיים, וואָלט ער דעם שומר געגעבן עפּעס אַבי נאָר אויף דער מינוט, און ביז אויפדערנאַכט וואָלט שוין אפשר געווען נאָך אַלעם. איז דאָך אָבער פּיאָטר נישט געווען. שטיי איך און מעדיטיר, דערווייל טראָגט די טאָכ־טער דורך אַ טאָפּ מיט קאָכעדיק וואַסער צו דער באַליע, האָט זי זיך אָנגעשטויסן אָן מיר און מאַכט: וואָס האָט זיך די מוטער דאָ אַוועקגעשטעלט, ווי אַן אָנשיקעניש פון זיין ליבן נאָמען, אַז ס׳איז איצט קיין צייט נישטאָ? אַז מ׳רופט אין פּאָליציע, גייט מען. מ׳דאַרף זיך פריער אויסרעכענען וואָס און ווען, נישט אַצינד ערשט אַריינצוקלערן, ווען מ׳דאַרפט נישט. „מילא, זאָג איך, ביום געזאָגט״. האָב איך אָנגעטון דאָס טיכל און גיי. דער ליבער פאַן יעזוס אין הימל וועט מיר פאַררעכענען יענעם וועג מיינעם... נאָר כ׳האָב זיך געהאַלטן אָן די מויערן, ווי אַ שיכור, נאָר ס׳איז מיר פינסטער געוואָרן פאַר די אויגן און אַזאַ היץ און קעלט איז מיר איבערן גוף דורכגעגאַנגען, ווי מ׳וואָלט מיך מיט וואַסער אָפּגעצוואָגן און מיט פייער געבריט. אָ ער כ׳בין אָנגעקומען. ווי כ׳בין אַריינגעקומען, כ׳גיב אַ קוק, זיצן פריצים ביי טישן, איינער אַזאַ פולער, דער צווייטער אַזאַ שוואַרצינקער און נאָך איינער אַ דריטער. האָב איך זיך גלייך פאַרנייגט און זאָג אַזוי און אַזוי. מאַכט ער כסדר מיט די הענט: נישט דאָ אַהער, נישט דאָ אַהער... בין איך געגאַנגען ווייטער. האָט מיר דאָרט אויך איינער אַזאַ גאָר יינגער געזאָגט, אַז נישט דאָ. האָבן זיי מיך אַזוי געשיקט פון איין טיש צום צווייטן, און דאָ לאָזן זיך מיר שוין די לעצטע כחות אויס. ביז ס׳האָט זיך איינער אַזאַ דאַרינקער איבער מיר דערבאַרימט און האָט

מיר מיט אַ פינגער אָנגעוויזן אין צווייטן צימער אַריין, וואו ס'זיצט גאָר דער עלטסטער. האָב איך מיך אַנידערגעשטעלט ביי דער טיר און שטיי און דאָ ציטערן די פיס אונטער מיר — אַ שרעק. דערווייל האָט זיך דער עלטסטער אומגעדרייט. ווי ר'האָט זיך אומגעדרייט, אַזוי פרעגט ער מיך גלייך, וואָס? וואָס איז מיין פאַרלאַנג? דערצייל איך אים אַלץ פון אָנהויב אָן. ער האָט אויסגעהאָרכט און פרעגט זיך ווידער: וואָס פאַרלאַנגט איר? אַזוי האָב איך אים ווידער דערציילט פון אָנהויב אָן, ווי כ'בין דאָ אַהער געקומען צו די קינדער שטאַרבן, ווי כ'האָב קיין קאַרטעפּאָביט נישט אויסגעקויפט, ווייל אַזאַ אַלטוואַרק ריכט זיך היינטמאָרגן, ווי דער ליבער פאַן יעזוס האָט פאַרגעסן אן מיר און כ'לעב כסדר און לעב און אַצינד רופט מען מיך דאָ אַהער. אַזוי האָט דער עלטסטער אַ קלונג געטון. ווי ר'האָט אַ קלונג געטון, קומט אַריין אַ צווייטער מיט אַזעלכע קנעפ... הייבט ער מיך ערשט אָן אויסצופרעגן אַלץ פון אָנהויב אָן. ווי זיי האָבן מיך שוין אויסגעפרעגט, רופט זיך דער עלטסטער אָן: נו, ליבע באָבעשי, ס'קומט פון דיר פינף מיט אַ האַלבן גילדן. ווי כ'דערהער דאָס, ברעך איך מיר די הענט... פינף מיט אַ האַלבן... פינף פאַפירלעך! יעזוס קריסטוס! אַקוראַט אַזויפיל ווי פיל כ'האָב פיאָטרן אַוועקגעגעבן אויף אַ טרומנע און אויף קבורה-געלט, ווען כ'בין צו זיי געקומען... אַזוי איז מיר גלייך נישט גוט געוואָרן און כ'האָב זיך, ווי אַ טויטע אָן די וואַנט אָנגעשפּאַרט. עפּעס בין איך געשטאַנען, עפּעס בין איך ווי אין דער ערד אַריינגעזונקען, עפּעס האָב איך יאָ געזען, עפּעס האָב איך נישט געזען און אין קאָפּ רוישט מיר אַזוי, ווי אַ ווינט וואָלט דאָרט אַרומגעבלאָזן. האָבן זיך די פּריצים אַ כאַפּ געטון, דער מיט די קנעפּ איז געלאָפן נאָך וואַסער, דער צווייטער האָט מיך געוואָלט באַזעצן אויף אַ שטול... זע איך, אַז ער איז אַזאַ גוטער, ליבער פּריץ, גיב איך אים אַ פאַל צו די פיס. פּריץ! זאָג איך, גרויסער פּריץ, מאַכטיקער קאָמיסאַר! פון וואַנען זאָל איך אַזויפיל געלט נעמען? פון וואַנען זאָל איך, אָרימע דאָס באַצאָלן? שטאַרקער פּריץ, זאָג איך, זאָל נאָר דער געאַכפּערטער פּריץ אַ קוק טון אויף מיר! כ'בין דאָך אַ טרוקן שפּענדל,

אויסגעטרוקנטעביינדלעך, שטויב... קוים אין וואָס די נשמה האָט זיך צוהאַלטן, און איך פאַרנעם דאָך נישט קיינעמס פּלאַץ אויף דער וועלט... אויף אַ ביסעלע שטרוי הינטערן אויוון ליג איך. אַ טראָפּן וואַסער טרינק איך, און ווי אַ פייגעלע גיב איך קוים עפּעס אַ פּיק... קיין לופט נעם איך אויך נישט צו, וואָרום כ׳קאָן קוים דעם אָטעם כאַפּן, און אַפילו דאָס ביסל זונעלע אויך נישט, וואָרום כ׳וואוין אין קעלער־שטוב, שיינט דאָס דאָרט גאָר נישט אַריין... איך ווייס, מאַכטיקער קאָמיסאַר, אַז כ׳האָב שוין לאַנג באַדאַרפט שטאַרבן! נאָר וואָס קאָן איך טון, אַז ס׳איז אין מיר אַזאַ לאַנג לעבן פאַראַן! זאָל עס מיר שוין דער גרויסער פּריץ מוחל זיין! שענקען מיר! איך קוק דאָך אַליין אויס דעם טויט יעדן טאָג, יעדע שעה... שוין, כ׳האָב שוין אַזוי אויך באַצאָלט דעם ליבן הייליקן פאַן יעזוס פאַר מיין „פּאָביט“ דאָ. דרייצען קינדער האָב איך געהאַט, האָב איך נעבעך זיבן, ווי די שיינע ווייסע בלימעלעך באַגראָבן, צוויי זין האָט מען ביי מיר פאַר רעקרוטן גענומען, אַזעלכע יינגענקע זעלנערלעך, גאָרנישט, נאָר בלוט און מילך... איין יינגל איז מיר, נישט דאָ געדאַכט, דערטרונקען געוואָרן אין טייך, איין טאָכטער איז אַנטלאָפן אין שטאָט אַריין, און איינס, דאָס יינגסטע, איז מיר נעבעך פאַרברענט געוואָרן שלאָפנדיקערהייט אינדערהייך אין דער פּאַציאַטקע, ווי אַ פייגעלע אונטערן דאַך... דער אויבערשטער האָט דאָך שוין ביי מיר אויפגעמאָנט פאַר דאָס זיין דאָ, מיט געבורט, מיט צער, מיט שווערער פּראַצע און מיט הונגער, מיט בלוטיקע טרערן און מיט די יינגע קברימלעך פון געלן זאַמד...

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן און איבער איר פאַרוועלקט פּנים זענען גרויסע טרערן, אין ליכט פון דער זון, גאָלדענע געפלאָסן איינע נאָך די צווייטע. די טרוקענע ליפן האָבן געציטערט פון נישט דעררעדטע ווערטער און דער גראָער קאָפּ האָט זיך אומ־מעכטיק געטרייסלט... גאָט האָט שוין ווירקלעך פון דעם מענטש־לעכן נפש אויפגעמאָנט דעם „פּאָביט“ ביז איין פּרוטה.

— נו? — האָב איך שטיל געפרעגט, ווען זי האָט זיך שוין אַביסל באַרויקט.

— נו, וואָס? כ׳האָב געמוזט באַצאָלן. פינף פּאַפּירלעך אויף דער האַנט, טייער קינד. וואָס דען! פּיאָטר האָט נאָך געמוזט צולייגן פון זיין געלט אַ האַלבס. אַלץ וואָס כ׳האָב געהאַט אויף דער לויה איז אַוועק... זאָל זיי דאָס גאָט, דער אַלמעכטיקער, נישט רעכענען, זיי זענען דאָך נעבעך אויך נישט שולדיק, נאָר ס׳איז אַ באַפעל אַזעלכער פאַראַן... מ׳האָט זיי, הייסט עס, אַזוי געהייסן...

— און איצט האַנדלט איר?

— ווי דאָרט, טייער קינד, האַנדל איך! כ׳האָב פאַרקויפט דאָס קישן, האָב איך דערפאַר באַקומען אַ פּאַפּירל און אַ גילדן אָן פינף גראָשן. איז באַלד דערפון אַראָפּ צוויי גילדן אויף אַ נייע „קאַרטע פּאָביט״, פאַר אַ קוואַרטל, הייסט עס, און פון איבעריקן זע איך כאָטש אַ גראָשן איינצושפּאָרן, כדי נישט חלילה נאָכאַמאָל שטראָף צו צאָלן. וואָס דען? אַז ס׳איז אַזאַ האַרט לעבן אין מיר, קאָן נאָך אַמאָל אויסקומען אַ גאַנץ יאָר צו צאָלן...

זי האָט זיך פאַרקוקט ערגעץ ווייט, אויפהויבנדיק הויך אירע גראָע, אויסגעקראָכענע ברעמען און האָט לאַנגזאַם געשאָקלט מיטן קאָפּ הין און צוריק, ווי אין גרויס פאַרוואונדערונג איבער דער וועלט-אָרדנונג...

חעמען וואָלט דאָס געקאָנט איינפאַלן, אַז דעם נאָמען, וועלכער האָט שפּעטער געזאָלט אַזוי באַרימט ווערן אין דער פּאָעזיע, וועל איך צום ערשטן מאָל הערן אין קיך פון אַן אַלטער, זעקס מאָל אין דער וואָך שיכּורער קעכין.

און דאָך איז עס אַזוי געווען און נאָך צוליב אַ טאָפּ, וואָס איז צעהאַקט געוואָרן.

בכלל האָבן זיך די טעפּ ביי אונז געהאַקט, ווי אויף אַ קאָמאַנדע. וואָרום אינדערפרי האָבן ביי אורבאַנאָוואַ „עפּעס די הענט געציטערט", אין מיטן טאָג „איז איר אַלץ געפאַלן פון די הענט", און אין אָוונט איז זי „אינגאַנצן געבליבן אָן כּח"... און אויב זי האָט שוין יאָ געהאַט כּח, האָט זי דאַן געוועלעך גע-מוזט „אַריבערלויפן קעגנאיבער" און נאָכדעם איז שוין אין קיך פאָרגעקומען אַן אמתער חורבן.

איבעריגנס, אויב כ׳זאָג, אַז די טעפּ האָבן זיך געהאַקט, איז עס נאָר, ווייל אורבאַנאָוואַ הערט דאָס נישט, זי הערט שוין גאַנץ לאַנג נישט קיינעם... אין איר געגנוואַרט, וואָלט איך קיינ-מאָל נישט געוואַגט צו זאָגן, אַז אַ טאָפּ איז „צעבראָכן געוואָרן." דערויף זענען געווען ספּעציעלע אויסדריקן, וועלכע האָבן זיך יעדן טאָג פאַרמערט, לויט דער באַדערפעניש. אַ טאָפּ האָט זיך געקענט „אַ זעץ" געבן, „אַ קלאַפּ" טון, „פּלאַצן", „אָפּקלאַפּן", „שפּאַלטן", „אַרויסגליטשן" זיך אָדער גאָר „געניזוקט" ווערן. ביי

אַזאַ רייכקייט פון אויסדרוקן צום שילדערן יעדן איינציקן פאַר־פאַל, ווייס איך שוין נישט וואָס פאַר אַ טאָפּ דאָס וואָלט געווען, וואָס זאָל זיך דוקא איינשפּאַרן, אַז ער איז „צעהאַקט“ געוואָרן.

און אַזוי ווי קיין איין טאָפּ איז נישט צעהאַקט געווען, דע־ריבער האָט זיי אורבאַנאָוואַ קיינמאָל נישט אַרויסגעוואָרפן, נאָר זי האָט אַזעלכע אינוואַלידן געהאַט אין קיך פולע פּאָליצעס ריי־ענווייז אויסגעשטעלט און האָט דעמדאָזיקן גאַנצן לאַזאַרעט גע־האַלטן אין גרעסטן אָרדנונג.

יעדע שברי־כּלי האָט נישט נאָר געהאַט איר אָרט, נאָר אויך איר געשיכטע.

אַז מ׳האָט בעדאַרפט קאָכן מיטאָג, האָט אורבאַנאָוואַ אַראָפּ־גענומען דעם ערשטן טאָפּ, האָט אָפּגעזיפצט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— וואָלסט נאָך, נעבעך, געלעבט, ווען נישט די פייערקע... ס׳איז געווען אַ טאָפּ — אייזן־שטאַרק... אַזאַ קלאַנג געהאַט, אַז אַ גוואַלט!

זי האָט אים אַוועקגעשטעלט און אַראָפּגענומען אַ צווייטן.

— שוין איינמאָל אַ טאָפּ געווען... שוין אַזאַ יאָר אויף מיר, וואָס פאַר אַ כּלי!.. ר׳איז נאָך היינט מער ווערט, ווי אַן אַנדערער גאַנצער...

זי האָט אים אַוועקגעשטעלט און האָט נאָכמער אָפּגעזיפצט, דערנאָך האָט זי גענומען אַ דריטן.

— אויפן קאָנאָניצקי־מאַרק האָב איך אים געקויפט... היינט זעקס וואָכן... וואָס רעד איך! היינט פינף וואָכן און דריי טעג... אַ גילדן מיט זעקס גראָשן האָב איך געגעבן פאַר אים. כ׳זאָל אַזוי דעם טאָג אויסדערלעבן, ווי כ׳זאָג נישט קיין ליגן... ווען ער זאָל זיך נישט אַ זעץ טון, וואָלט ער אַ גאַנץ יאָר געלעבט... אַ טאָפּ ווי אַ גלאָז...

און זי האָט ווייטער גענומען דעם פערטן. איבער דעם טאָפּ האָט זי זיך שטענדיק לענגער אָפּגעשטעלט. זי האָט אים אַרומגעקלאַפּט, אַדורכגעקוקט ביי דער ליכט און האָט געדרייט מיטן קאָפּ.

— גיי זיי קלוג און ווייס דורך וואַנען ער רינט?.. ער רינט דאָך אָבער יאָ, צו אַלדע שוואַרצע יאָר!..

און אַזוי כסדר, ביז דער טאָפּ, אין וועלכן זי האָט שוין טאַקי געוואָלט די יויך צושטעלן, איז איר פון די ציטערדיקע הענט אַ פאַל אַרויס געטון אויף דער ערד אַראָפּ.

דאַמאָלס איז געוואָרן אַ גיהנום אין קיך.

— אָט, האָסטו דיר, שלימזל, אַ חתונה!—האָט אורבאַנאָווא אויסגעשריגן, אַ פּאַטש טוענדיק מיט אירע איינגעשרומפּענע הענט. — ווייטער אַ שאַרבן! אַ, זאָלסטו מיר פאַרכאַפּט ווערן! ס'איז נישט אויסצוהאַלטן מיט די דאָזיקע שאַרבנס... און טו עפּעס! אַזאַ נייער טאָפּ... אַ, זאָלסטו געשעדיקט ווערן!.. זעקס מיט אַ האַלבן טשעכישע האָב איך באַצאָלט... ס'איז נאָך קיין וואָך נישט... זאָל עס גיין אין דר'ערד אַריין מיט אַזאַ באַלע־באַטישקייט!.. אַז אין שטוב איז קיין איין אייזערנער טאָפּ נישטאָ, נאָר בלויז שאַרבנס...

— ווען כ'בין געווען ביי דער הערשאַפט אַסניק, איז דאָרט קיין שום ליימענע טעפּ נישט געווען, בלויז אייזערנע, איינער און איינער, ווי געקליבן... כ'זאָל אַזוי דעם טאָג אויסדערלעבן, ווי כ'זאָג נישט קיין ליגן... בלויז אייזערנע!... כ'זאָל אַזוי מיין יאַשעקן גרינג דערציען!..

נאָך דעמדאָזיקן ערשטן אַריינפּאָר, האָט מען שוין ביז אויפדערנאַכט מער נישט געהערט נאָר אַלץ דאָס זעלבע:

— ביי די הערשאַפט אסניק איז אַזוי און אַזוי געווען, ביי די הערשאַפט אסניק איז דאָס קיינמאָל נישט געווען, ביי די הערשאַפט אסניק האָב איך מיך אַזוי אויסגעלערנט, ביי די הערשאַפט אסניק בין איך צו דעם נישט געוואוינט געווען...

מיט איין וואָרט, אַ גרייטער שלחן־ערוך פאַר יעדער צייט פון מעת־לעת און פאַר אַלע פּאָרפאַלן פון קיך־לעבן.

ס'איז געקומען אַזוי ווייט, אַז כדי מנוחה צו האָבן, האָט מען פיל זאַכן געטון ווי „ביי די הערשאַפט אסניק“.

נאָר וואָס מכּח די אייזערנע טעפּ האָט מען איר נישט צוליב געטון, ווייל מיין פאָטער איז אויף דעם פּונקט געווען אַ פאַר־

עקשנטער קאָנסערוואַטאָר, און ער האָט געהאַלטן, אַז גוטע יויך קאָן נאָר זיין פון אַן ערדענעם טאָפּ.

צוליב דעם זענען אַרויסגעקומען פאַרשידענע מחלוקתן, קעגן וועלכע איך האָב קיין שום עצה נישט געהאַט, כאָטש איך בין געווען אַ זייער ערנסטע, צען־יעריקע פערזאָן, וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיט דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון אונזער פאַר־יתומט הויז, צווישן מאַכן די לעקציעס פאַרן קשאָנדז קיבאַשע־וויטש און דעם פוצן די ליאַלקעס.

דאָ מוז איך זיך גאַנץ אפנהערציק מודה זיין. אַז צוליב דעם, וואָס איך האָב דאַן קיין שום פּאָעטישע פּאָרגעפילן נישט געהאַט, איז מיר דער נאָמען „הערשאַפט אסניק" — די עלטערן פונם פּאָעט אַזוי פאַרמיאוסט געוואָרן, אַז איך האָב אים פשוט נישט געקענט הערן און בין אַנטלאָפן וואו די אויגן האָבן מיך געטראָגן, יעדעס מאָל ווען אורבאַנאָוואַ האָט אָנגעהויבן איר אָדיסעע וועגן די אייזערנע טעפּ.

דאָס אָבער האָט זיך געטראָפן אַלץ מער און אַלץ אָפטער. פריער איינמאָל, צוויי מאָל אין דער וואָך, דערנאָך — יעדן טאָג. שפּעטער, שוין אויך אין אָוונט, נאָך שפּעטער — פון דערפרי ביז ביינאַכט. איין אויסנאַם זענען געווען די שבתים.

שבת האָבן זיך איר אויך די הענט ווייניקער געטרייסלט און עס איז איר נישט אַלץ אַזוי געפאַלן פון די הענט. און זי האָט אויך נישט אַזוי פיל געפלאַפּלט וועגן דער „הערשאַפט אסניק"

דערפאַר פלעגט אורבאַנאָוואַ פון מיטן טאָג אָן וואַרימען וואַסער, טיילמאָל אַפילו לוג, זי פלעגט אויסרייניקן; די שיריים פון די מיטאָגן פון אַ גאַנצער וואָך, צוגרייטן פּאָדים און לאַטקעס ביי מיר פלעגט זי בעטן זייף און כ'זאָל איר איינפעדימען ד נאָדל. און ביי דעם אַלעם האָט זי צו געוויינט און כסדר זיך גע ווישט די נאָז מיטן גראָבן קיך־פאַרטוך און אַרויסגעקוקט אַלע פּאָר מינוט אויף די טרעפּ. פאַרנאַכט־צו פלעגט יאַשעק קומען. ער איז געווען אַ הויכער, אַ דאַרער, א בּרודיקער מיט אַ געשטופּלט פנים. ער איז געווען אויף דער לער ביי אַ שוסטער פּאָשפּיעשינ־סקי. ער איז אַלט געווען אַ יאָר זעכצן. געקומען איז ער

אַלעמאָל אַ ברודיקער, אַן אָפּגעשליסענער און געוואַלדיק אויסגעהונגערט. אורבאַנאָוואַ פלעגט אים אויפנעמען מיט אַ שטורך אין דער זייט, אָדער אין קאַרק, וואו ס׳האָט זיך געלאָזט, האָט אים אַריינגעשטופּט אין קיך און האָט גענומען וויינען. דאָס יינגל פלעגט איר אַ קוש טון אין האַנט, זיך אַוועקזעצן אויפן קופערט און קוקן תּמ׳עוואטע דאָ אויף דער מוטער, דאָ אויף די צוגעדעקטע טעפּלעך אויפן קוימען.

ביז היינט געדענק איך נאָך די דאַזיקע פינסטערע און גיריקע בליקן אין דער זייט צום קוימען; און זיינע לאַנגע דינע פיס אין סאַנדאַלן, וועלכע האָבן אַראָפּגעהאָנגען פון הויכן קופערט...

איך האָב זייער ליב געהאַט יאַשעקן. ערשטנס, דערפאַר וואָס בעת ער איז געווען, איז קיינמאָל נישט גערעדט געוואָרן וועגן דער „הערשאַפּט אסניק" און אויך דערפאַר, וואָס ער האָט מיר צוגעזאָגט אויפצונייען אַ פּאָר שיכעלעך פאַר די עלטסטע פון מיינע ליאַלקעס — אַנושאַ. די וואונדער, וועלכע ער פלעגט מיר דערציילן וועגן די דאָזיקע שיכעלעך, זענען געווען אַן אומדערשעפּלעכע טעמע פאַר אונזערע שמועסן, בעת וועלכע איך פלעג אינגאַנצן פאַרגעסן וועגן מיין ערנסקייט אַלס ווירטן פון הויז. און אַרויפקריכנדיק אויף אַ הויך קיך-בענקל, האָב איך, פאַרקוקנדיק זיך אויף יאַשעקן, אַזוי אויסגעווישט מיט די עלנ-בויגנס דעם קיך-טיש.

אורבאַנאָוועז האָט אָבער קיינמאָל נישט געאַרט מיין התפעלות און פלעגט מ׳ך שטענדיק אַרויסבעטן אויף יענער זייט טיר.

אָבער איך האָב אַזוי אויך געזען דורכן לאָך פון שליסל ווי די מוטער שלעפּט פריער אַראָפּ פון יאַשעקן דעם שפּאַנצער און דאָס זועסטל, גיסט אַריין וואַסער אין דער שיסל, דערנאָך נעמט זי זייף, בייגט אַריבער דאָס יינגל איבערן בענקל און דערלאַנגט אים איינמאָל אָדער צוויימאָל און קאַרק, דערנאָך ציט זי אים אַראָפּ דאָס העמד פון די אָרעמס און וואַשט און רייבט אים דעם האַלז, דעם קאָפּ, דאָס פּנים, די אויערן און

די הענט, דערבײַ ווישט זי זיך כסדר די נאָז און האַלט אין איין וויינען.

כ׳האָב קיינמאָל נישט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס? צי ווייל דאָס העמד יאַשעקס איז געווען אַזוי שוואַרץ, ווי קויל, צי ווייל דעם יינגלס רוקן איז געווען אַזוי שטאַרק צעקלאַפּט און פול מיט בלאָע צייכנס, צי ווייל מ׳האָט ביי אים געקענט אַרויסזען יעדן ריפּ דורך דער הויט...

אָפּוואַשנדיק יאַשעקן, האָט אורבאַנאָוואַ אַרויסגענומען אַ ריין העמד, מיט וועלכן יאַשעק איז אַוועק היגטערן קוימען און ווען ער איז צוריק אָפּגעקומען שוין אין קלאָרן העמד, האָט זי אים גענומען קעמען, שטורכנדיק אים אין קאַרק אַריין, ווען ער האָט נישט גענוג אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, דערנאָך האָט זי ווייטער גענומען וויינען אוןווישן זיך די נאָז אַלע מינוט. ערשט נאָך דער דאָזיקער גאַנצער אָפּעראַציע, האָט זי אַרויסגענומען פון אויוון די פענדלעך און טעפּלעך דורך דער צייט, וואָס יאַשעק האָט געגעסן, האָט זי אים דערווייל פאַרריכט די בגדים, וויינענדיק און קרעכצנדיק שווער. מיין גאַנץ אויסקוקן דורכן לעכל פון שליסל איז נאָר געווען, כדי צו דערוואַרטן זיך טאַקי דידאָזיקע גליקלעכע מינוט. כ׳בין אַריינגעפאַלן אין קיך און יאַשעק האָט מיר ווייטער גענומען דערציילן, אפשר שוין צום הונדערטסטן מאָל, וואָס פאַר אַ שיכעלעך אַנושע וועט דאָס האָבן.

איך האָב זיי געזאָלט באַקומען אויף ווייַנאַכטן, אָבער כ׳האָב זיי נישט באַקומען, ווייל יאַשעק איז עפּעס געווען שרעק־לעך פאַרקאָכט.

דערווייל איז אָנגעקומען דער ערשטער אָוונט פון די „דריי מלכים“...

עס איז געווען אַ פּראָסטיקער, שיינער אָוונט. די פאַר־שטעלטע זענען אַרומגעגאַנגען איבער דער שטאָט; נישט עפּעס קיין פּראָסט שטעלכל אַן אָפּגעמאָלטס, מיט אַן אָקס, מיט אַן אייזל און אַ „מאלגאָזשאַטקע, וואָס טאַנצט מיט הוזאַרן“, נאָר אַן אמת טעאַטר פון לעבעדיקע, רעדעווודיקע מענטשן, צווישן

וועלכע ס'האָבן זיך געפונען די געשטאַלטן פון טויט, פון אַ מלאך און פון טייוול.

ווען דאָס שטוב־מיידל איז געקומען צולויפן אויף די טרעפ מיט אַ געשריי, אַז זיי גייען שוין, האָט ס'האַרץ אין מיר גענומען אַזוי שטאַרק קלאַפן, אַז כ'האָב קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסרעדן.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע טעאַטער, וואָס איך האָב אין מיין לעבן געזען.

ס'איז אָבער אויסגעקומען נאָך לאַנג צו וואַרטן, ביז די פאָרשטעלונג אונטן ביים ווירט האָט זיך געענדיקט. כ'האָב געמיינט, אַז ס'וועט זיך שוין גאָר קיינמאָל נישט ענדיקן. ענדלעך האָבן זיך דערהערט שווערע טריט אויף די טרעפ און אַ קלינגען פון קייטן; און אין עס־צימער זענען אַריינגעקומען די אַקטיאָרן. פאָראויס—אַ שרעקלעך שוואַרצער טייוול מיט אַ לאַנגע צונג פון רויט טוך, וועלכע איז אים אַרויסגעהאָנגען אַזש ביז אויף דער ברוסט, ער האָט זיך פאַרנייגט און האָט געזאָגט מיט אַ מוראדיקן באַס:

— „זאָל געלויבט זיין יעזוס קריסטוס!“

איך האָב אָנגעכאַפּט דאָס שטוב־מיידל ביים קאַפּטאַן ס'האַרץ איז אין מיר אָפּגעשטאָרבן...

נאָכן טייוול איז מיט לייכטע טריט אַריינגעקומען דער מיניסטער פון קעניג הורדוס. ער האָט געטראָגן געפּאַסטע הויזן ביז די קני, אַ בלאָע פעלערין פון עפּעס אַ צעטרענט קלייד, פאַרוואָרפן אויף די אַקסלען און אויפן קאָפּ אַ בירעט מיט אַ שיינע ווייסע פעדער פון ענגליש ביבולקע־פּאַפּיר.

דער שררה האָט זיך פיין פאַרנייגט, גענומען אַ שטול פון נעבן דער וואַנט און אַוועקגעשטעלט זי אינמיטן צימער, דערנאָך האָט ער, אַראָפּבייגנדיק דעם קאָפּ, געעפנט די טיר פאַרן מלך. דער קעניג הורדוס איז אַריינגעקומען אַ בייזער, „אין טיפע מחשבות“, מיט אַ געזונקענעם קאָפּ. ער האָט אויף זיך געהאַט אַ לאַנגן, רויטן, קענטיק פון אַ קישן־ציכל אימפּראָוויזירטן מאַנטל,

אַ סצעפּטער אין האַנט און אַ גאָלדענע קרוין. זיין געזיכט האָט מיר אויסגעוויזן עפּעס באַקאַנט...

גלייך נאָך אים האָט זיך באַוויזן דער אוממענטשלעך־ווייסער טויט, אָנגעטון אין אַ ליילעך, פון אונטער וועלכן ס׳האָבן זיך אַרויסגעזען אַ פּאָר שטיוול מיט כאָליעוועס און מיט אַ קאָסע אין האַנט איז ער, דער טויט, געבליבן שטיין הינטער דעם קעניגלעכן טראָן.

אָבער דער מלך הורדוס, וועלכער איז געווען פאַרטיפט אין זיינע מערדערישע געדאַנקען, האָט אים נישט געזען און צע־שפּרייטנדיק זיך אין זיין, נאָך אַפילו אַביסל פאַרפעדערטן, פּורפּור־מאַנטל, האָט ער אָנגעהויבן די סצענע מיט אַ בלוטיקן דיאַלאָג.

אָבער ווי ער האָט נאָר קוים באַוויזן אַרויסצורעדן די ערשטע ווערטער, האָט זיך פון דער טיר דערהערט אַ פּאַטש מיט די הענט און אַ הילכיקער געשריי:

— יאַשעק! מיין טייערער יאַשעק! מיין קעניג! מיין גאָל־דענער פּרינץ!

און איידער הורדוס האָט נאָך באַוויזן זיך אומצוקוקן, איז אורבאַנאָוואַ שוין געלעגן פאַר אים אויף דער ערד און האָט אין העכסטן עקסטאַז געקושט זיינע הענט און דעם ברעג מאַנטל זיינעם, באַגיסנדיק זיך מיט טרערן.

אין דער ערשטער מינוט האָט דער מלך, — נישט וועלנדיק אַרויס פון דער ראָל, געפּרובט ווייטער מאָנאָלאָגירן, פלוצלינג אָבער האָט זיך אים די שטים איבערגעריסן, די ליפּן האָבן זיך אים אויסגעקרומט און איבערן בלייכן פּנים האָבן גענומען רינען טרערן, ווי זילבערנע פּונקען, איינע נאָך די אַנדערע...

ס׳איז געוואָרן אַ טומל. דער מיניסטער האָט הויך גע־שריגן, אַז דער קעניג איז אינגאַנצן „צעתּמט״. דער טויט האָט געראַטן, מ׳זאָל נאָכאַמאָל אָנהויבן פון אָנהויב. אויסגעהאַלטן איז אָבער בעת דעם גאַנצן טומל געווען דאָס פּישטשענדיקע, קליי־נגענדיקע שטימעלע פון מלאך, וועלכער האָט פון אָנהייב פּאָרשטע־

לונג אָן רעגלמעסיק און טאַקטיש געזונגען פון אונטערן אויוון:
„גלאָריא! גלאָריא אין עקסצעלסיס דעאָ!“

און ווידער:

„גלאָריא! גלאָריא אין עקסצעלסיס דעאָ!“

וואָס שייך דעם טייוול, האָט ער זיך אויף קיין איין מינוט נישט פאַרלוירן, און אַנידערשטעלנדיק זיך נעבן קעניג הורדוס, האָט ער אַ זעץ געטון מיט זיין הויכן שוואַרצן פלאָק אָן דער פאָדלאָגע און אַ גרילץ טועגדיק מיט די קי־טן, האָט ער אַ ריטשע אַרויס געטון:

— „כ'פאַרפלוך דיך, כ'פאַרפלוך דיך דורך דעמדראָזיקן דעמבבע־שטעקן!“...

דאָס האָט אויף די צושויער געמאַכט אַ געוואַלטיקן עפעקט און דער מלך איז דורך דעם צוריקגעקומען צו זיך. און אַזוי ווי יוזשקע דאָס שטוב־מיידל מיט נאָך איינע פון צווייטן שטאָק האָבן דערווייל אַוועקגעשלעפט אורבאַנאָווען אָן אַ זייט, איז די פאָרשטעלונג גליקלעך אַדורך, ביז יענעם אנטשיידענעם מאָמענט, ווען דער קעניג, געקעפט דורך דער קאָסע פון טויט, לאָזט פאַלן זיין געקרוינטן קאָפּ אויף דער ברוסט און דער טייוול שטעכט אים אַרויף אויף זיין גאָפּל, זאָגנדיק:

„קעניג הורדוס! ווייל דו ביסט געמיין,
מוזטו אין גיהנום גיין!“

— — — — — — — — — —

פון יענער פאָרשטעלונג אָן האָט זיך פיל ביי אונז געביטן.

טעפּ האָבן זיך אַפילו געהאַקט ווי פריער, נאָר וועגן דער „הערשאַפט אסניק“ האָט מען שוין נישט געהערט אַזוי אָפט. דערפאַר האָט מען ביי אונז אין קיך אָנגעהויבן רעכענען פון אַ נייער ערא:

— ווייַ מיר! — פלעגט אורבאַנאָוואַ שוין איצט זאָגן — דעם טאָפּ האָב איך דאָך געקויפט אַ וואָך נאָכדעם ווי יאַשעק איז געוועזן קעניג! און ער רינט שוין, אַ בראָך זאָל עס כאַפּן!

אָדער גאָר:

— וואָס רעדן זי, פריילעשי! דעם קלאַפּטער האָלץ האָט מען דאָך אָנגעהויבן אַקוראַט דריי טעג פאַר דעם ווי יאַשעק איז געוואָרן מלך!

און געזאָגט האָט זי דאָס מיט אַזאַ ערנסט, מיט אַזאַ איבערצייגונג, ווי יאַשעקס מלוכה וואָלט געווען אַ ווירקלעכער פּאָליטישער פאַקט און מ׳וואָלט עס געקענט אין גענויע גרעניצן אָנווייזן אויף דער געאָגראַפישער קאַרטע. זי האָט דאַן אויך אָנגעהויבן עפּעס צו מורמלען, אַז זי מוז יאַשעקן אָפּנעמען פון פּאָשפּיעשינסקען, וואָרום צו „וואָס טויג אים דאָרט דאָס שוסטעריי“...

אַן ענדערונג איז אויך פאָרגעקומען דערמיט, וואָס אורבאַנאָוואַ האָט שוין איצט אַליין נישט געוואַשן דעם קעניג הורדוס, נאָר אַ שטורך טוענדיק אים ביים אַריינקומען, האָט זי אַריינגעגאָסן וואַסער אין דער שיסל, האָט אים געגעבן זייף אין דער האַנט אַריין און האָט אים געהייסן אַליין „רייסן אַ פּאַס“ — ווי זי האָט געזאָגט, פון די אויערן, פון פּנים, פון האַלז און דעם קאָפּ. זי איז נאָר געשטאַנען איבער אים און אַכטונג געגעבן, ער זאָל דאָס טון „דאָקומענטנע“, ווי ס׳געהער צו זיין. געקעמט האָט זי אים נאָך אָבער אַליין.

אויף די הענט האָבן זיך איר וויניקער געטרייסלט, און צו די פריווילעגירטע שבתים פון פריער, זענען נאָך איצט אויך צוגעקומען די זונטאָגן.

זונטאָג נאָכמיטאָג, צורוימענדיק די קיך, האָט אורבאַנאָוואַ אויפגעעפנט איר הויכן קופערט און אַרויסנעמעדיק פון דאָרט יאַשעקס קעניגלעך־פורפּער און אויך די קרוין פון גאָלד־פּאַפּיר, האָט זי דאָס אַלץ אַרויפגעלייגט אויף איר בעט און האָט לאַנג געקוקט דערויף מיט אַ שמייכעלע אויף די פאַרוועלקטע ליפּן, שאָקלנדיק מיטן קאָפּ און ווישנדיק זיך די אויגן מיטן פריש אויסגעוואַשענעם פאַרטוך.

און ווען דאָס ייִנגל פלעגט קומען, האָט זי אים געבעטן:

— מיין יאַשעק! מיין גאָלדענער! טו נאָר אָן אויף דיר אָט די מלכות־בגדים און די קרוין!.. לאָמיך זאַט אָנקוקן אויף דיר! לאָמיך נחת האָבן!

יאַשעק פלעגט זיך עקשנען, נישט וועלן, אָבער שטענדיק האָט זיך געענדיקט דערמיט, אַז ער האָט די „מלכות־בגדים" אָנגעטון און די אַלטע האָט, אַ פּאַטש טוענדיק מיט די הענט, אויסגעשריגן:

— אַן אמתער קיסר! ווי געבוירן אויף אַ קיסר! כ'זאָל אַזוי נחת האָבן, ווי אַ קיסר אויסן אויג! זעטס נאָר מענטשן מיינע... גאָרנישט, נאָר אַ קיסר!..

אין אמתן איז דאָס ווייטער געווען דערזועלבער שוואַרצער, דאַרער, געשטופּלטער תּם, נור וואָס דער פּורפּור־מאַנטל איז אויף אים כּסדר אַלץ קורצער געוואָרן.

טיילמאָל פלעגט ער אויך רעציטירן זיין ראָל. איך פלעג אים הערן מיט דער גרעסטער שפּאַנונג און אורבאַנאָוואַ פלעגט זיך באַגיסן מיט טרערן. דער געניאַלסטער טראַגיקער אויף דער וועלט האָט נאָך קיינמאָל נישט געהאַט אַזעלכע דאַנקבאַרע געטרייטע צוהערער.

אין אַ דריי יאָר אַרום — איך בין שוין דאַן געווען אַ דערוואַקסן מיידל, האָט אונז עמיץ איבערגעגעבן, אַז אורבאַנאָוואַ גוססט ערגעץ אין אַ קעלער־שטוב נישט ווייט פון אונז. איך בין גלייך אַוועקגעלאָפן אַהין. די אַלטע שיכּורת האָט שוין אַפילו גאַנץ לאַנג נישט געדינט ביי אונז, אָבער איך האָב זי אָך אַלץ זער ליב געהאַט.

אַריינקומענדיק, האָב איך גאָרנישט געקענט זען אין דער דאָזיקער פייכטער, דושנער שטוב. אונטערן בעליק האָבן זיך געשלענגלט וואָלקנדלעך רויך פון די „קרייטעכצער", מיט וועלכע די שכנות האָבן דאָ אויסגערויכערט. אין מיטן שטוב זענען געשטאַנען עטלעכע וויבער, רעדנדיק האַלב שטיל וועגן פּאַרשידנערליי טויטן. ווייטער אַרויף אין שטוב איז געלעגן די

אַלטע אורבאַנאָוואַ אויף אַ הויך אויסגעבעט געלעגער פון קאָליר־
בעטגעוואַנט. אויף איר געזיכט האָט שוין געהוט דער שאָטן
פון טויט; אַ שוואַכער אָטעמצוג האָט נאָך קוים באַוועגט איר
ברוסט, אירע אויגן נאָר האָבן געקוקט אַרויף מיט אַן אויסדרוק
פון זיסקייט און אנטציקונג.

מיט איר לינקער האַנט האָט זי געהאַלטן דאָס גסיסה־ליכט,
און מיט די רעכטע האָט זי אַרומגעהאַלטן יאַשעקן ביים אָרם; ער
האָט טרייסלדיק זיך אינגאַנצן פון פאַרשטיקטן געוויין, מיט אַ פאַר־
נורעט געזיכט אין דער מוטערס בעטגעוואַנט, געקניט נעבן איר
אין דעם קעניגלעכן פוּר און אין דער גאָלדענער קרוין אויפן
קאָפּ.

פון אויסערן פורפור האָבן אַפערגעקוקט זיינע אלטע ברודי־
קע הויזן, וועלכע די מוטער האָט שוין, קענטיק, לאַנג נישט
פאַרריכט, און די סאַנדאַלן אויף זיינע דאַרע, באָרוויסע פיס.

---

# אינהאַלט:

# צייטווייליקער קאטאלאג

## פון פארלאג „אונזער בוך“

---

### דראַמען און קאָמעדיעס:

מ. נאָרדוי. דאָס רעכט אויף ליבע — יידיש: אַ. זאַק פרייז
א. שניצלער. ליבע-שפּיל „ י. גאָלדבערג
מ. מעטערלינק. דער נס פון הייליקן אַנטאָניא — יידיש: י גאָלדבערג
א. טשעכאָוו. דער פאָרשלאַג — „ מ. טורקאָוו
י. א. קופּרין. דער קלאון — „ „ „
ט. הערצל. דער אַנטלאָפענער — „ „ „
זש. מאָליער. דאָן זשואַן — איבערזעצט פון אָריגינאַל דורך ד״ר ב. צפור

### דערציילונגען:

יהודה שטיינבערג. אַ פאַריתומט לעבן
מ. קאָנאָפּניצקא. אונזער קליאַטשע — יידיש: י. רייזפּעדער
„ „ רויך — „ „ „
„ „ געקליבענע שריפטן — „ י. דייטשער און י. רייזפּעדער.

## ליטעראַריש = פילאָזאָפישע :

ארטור שאָפּענהויער. איבער ליטעראַטור, עסטעטיק　　פרייז •
און קריטיק — יידיש : געליבטער

## קינדער = ליטעראַטור :

יהודה שטיינבערג. מעשהלעך

טאמפסאן=סעטאן. אנאב גריזליס ביאָגראַפיע (אַ געשיכטע וועגן א ווייסן בער)

קארנעל מאַקושינסקי. זער מאָדנע מעשהלעך

וו. הויף. דער קאַליף=באָטשאַן

„　„　דער קאַרליק מוק

ברידער גרים. שניי ווייסעלע

אַנאַטאָל פראַנס. נאָך בלומען

יואל מאַסטבוים. דאָס מזלדיקע פישעלע

י. רייזפעדער. דער אוצר אין שניי

„　„　היימל

„　„　די מוטער מיטן קינד

„　„　צוויי סוחרים

„　„　דער אורח

„　„　די קינדער פון קעלער=שטוב

„　„　דאָס יינגלע און זיין סאַמאָוואַרל

„　„　דער בריליאַנטענער פרינץ

„　„　צוויי שוועסטערלעך

## ביבליותיקה לילדים

## „שפרירים"

13 נומרים מצוירים ומנוקדים

1) שתי אחיות — מאת י. רייזפדר        מחיר:
2) בן המלך של שהם „ „ „
3) ילדי המרתף „ „ „
4) הילד ומיחמו „ „ „
5) האם ובנה „ „ „
6) האורח „ „ „
7) האוצר בשלג „ „ „
8) חיימל „ „ „
9) האניה המכשפה „ וו. הויף מתרגם: י. רוזנצויג
10) שירי ילדים „ י. רוזנצויג
11) המתנה „ י. אונטרמן
12) איך נכתב המכתב הראשון — ר. קיפלינג
מתרגם: א. י. הנדלזולץ
13) כתם הכסף – טומפסון=סטון „ „ „ „

מוכנה לדפוס ובקרוב תופיע ביבליותיקה לבני הנעורים מצוירת יצירות טובי בחירי הסופרים העברים; כמו כן תרגומים של מבחר הספרות לנעורים האירופאית.

פארלאג „אונזער בוך"

WARSZAWA, ŚLISKA 34/20.

# תקון טעות:

אין דער דערציילונג „אונזער קליאַטשע״ זענען אַריינגעפאַלן צוויי פאַר־דריסלעכע פעלערן:

1) אויף דער זייט 28 שורה 20 אַנשטאָט „אַ כוואַט״ — דאַרף זיין:
**אַ „כוואַטסקער שטייער״** (אַ פוילישער פאָלקס־טאַנץ)

2) אויף דער זייט 41 שורה 22 אנשטאָט „אַז ס'איז דאַכט זיך נישט קיין סכנות״, — דאַרף זיין — **„אַז, ס'איז דאַכט זיך גלייכער, צוהאַלטן זיך נענטער צו דער טיר״.**